№ 10. צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פֿאָלקס־צייטונג.

ה' אדר תרס"ג. פֿערלאג „פֿאָלקס־בילדונג" וואַרשא. 4 März 1903.



## 1903 אַבאָנעמענט אויף דעם נייעם יאהר 1903

אויף דעם נייעם יאהר געפינט זיך אין דעם פארטפעל פון אונזער רעדאקציע פיעל ארטיקלען פאר אלע אבטהיילונגען פון אונזערע שטענדיגע מיטארבייטער:

**י. דינעזאהן; ד"ר ה. ד. הורוויץ; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. ספעקטאר; ד. פינסקי און שלום עליכם.**

אויף דעם נייעם יאהר גיט די „פאלקס-צייטונג" אירע יעהרליכע אבאנענטען א פרעמיע:

**אלע ווערק פון שלום עליכם** — מיט דעם בילד און ביאגראפיע פון מחבר — **4 בענדער**

**פאר 1 רובל מיט פארטא.**

די אלע ווערק פון שלום עליכם זענען איבערגעקוקט און אויסגעבעסערט פון מחבר, דרוקען זיך מיט נייע שריפט, מיט נקודות און אויף גוט פאפיער.

אבאנאמענטס־פרייז און אדרעסע געפינט זיך אין אנהויב פון יעדען נומער.

# РОССІЙСК. О<u>во</u> ТРАНСПОРТОВЪ

## בעקאנטמאכונג!

די פיליע פון דער **רוסישער אגענטור געזעלשאפט צום טראנספארטירען און איבערשיקען אלערליי סחורות און זאכען סאי אויפ'ן ים סאי אויף דער יבשה** אין ווארשא (מיאדאווא Nr. 5) אויך אלע אנדערע פיליעס אין רוסלאנד, נעמען אן צום איבערטראגען און איבערשיקען אלע סארטען סחורות, קליידער, מעבעל און אלערליי אנדערע זאכען, פינקטליך פון ווארשא אין אלע שטעדט אין אמעריקא אין אפריקא. די געזעלשאפט נעמט אב אליין די זאכען פון קאנטאר, וואו עס ווערט צוגעשיקט און שטעלט עס צו דעם, וואס דארף דאס אבנעמען. — בעצאהלען פאר דאס צושטעלען דארף מען וואו מען נעמט אב די זאכען.

די געזעלשאפט נעמט זיך אויך אינטער **איינצוקאסירען נאכנאמעס** פון די וואס בעקומען די זאכען אין די ערטער וואו זיי זיינען

אונזער קאנטאר אין **ניו-יארק** איז אין דער **בראד סטרעעט 120**, דארט ווערט גערעדט אויף אלע לשונות וואס מען רעדט אין רוסלאנד.

די גענויעסטע נאכריכטען און אלע אנדערע תנאים ווערד ערקלערט יעדען אין אונזער קאנטאר (מיאדאווא 15) אין ווארשא פון 9 ביז 3 דעם זייגער בייטאג און פון 5—8 אבענד, א חוץ קריסט-ליכע ימים טובים.

(156) דער פעראנטווארטליכער פון דער רוסישער אגענטור אין ווארשא **א. ב. אבקין.** 4—4

---

## ד"ר י. אלאפין 12—1

**ווארשא, טלאמאצקי 1.**

בעהאנדעלט הויט-, ווענערישע קראנק-הייטען און מענערשוועכע, נעמט אהן ביז 10 אוהר פריה און פון 5 ביז 7 נאכמיטאג, פרויען פון 4 ביז 5 נאכמיטאג.

---

## יי"ש ושפירט של

## פסח

**פון זאוואד יפה אין גראדנא**

גוטען יי"ש צו מעסיגע פרייזען.

5—1 צו ווענדען: 167

**Заводу Яффе Гродна.**

---

## גאלוואנישע אנשטאלט.

**יהישע טיטעלבוים דזיקא 18**

נעהמט אן צו פערגילדען, פערזילבערן, פערניקלען, אקסידירען, און בראנזי-רען פערשיעדענע מע-טאל ארבייט. עס ווערד אויך אנגענומען אלטע זילבערנע און פערזיל-בערטע כלים אויף צו פרישען ווי גאנץ נייע. **גאראנטיערט פיר דויערהאפטיגקייט** און צו גאנץ מעסיגע פרייזען.

**נייעס!** פערשיעדענע איסלענדישע פרעססונגען, ווי אויך דאמען-גירטעל מיט אלער ארט שנאלען גאנץ **ביליג.**

20—12 (99)

---

## פאַרזיכטיג!

דאס איינציגסטע מיטעל צו א ברוך איז נאר ברוכבענדער וועלכע האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד גענצליך אויסצוהיילען איז אונמעגליך.

(135) 50—7

זאלכע פערפערטיגט די פירמא

## Д. Мошковскій, Варшава

Налевки № 37

וועלכע איז בעעהרט געווארדען מיט מע-דאילע פון דאקטארסקע אויסשטעלונג

37 צו בעאבאכטען דעם נומער 37

---

## הירורגיש-ארטאפעדישע אנשטאלט

## פון ד"ר רייכשטיין

נעהמט אן צו הירורגישע בע-האנדלונג אויסגעקרומטע שדרות און פיס; געלענק- און מוסקעל-קראנקהייטען, ווי אויך צו מאססאז, פון 4 ביז 6 אוהר. אין דער אר-טאפעדישען ווערקשטאט ביי דער אנשטאלט ווערדען פערפערטיגט דורך ספעציאליסטען: קארסעטען, אפאראטען צו הענדע און פיסע (שיענען הילזענאפאראטע העססינג) קינסטליכע פיסע, אלערליי רופטור- און בויך-גארטעל א. ז. וו.

(131) **31 לעשנא 31** 10—9

---

## ווירכטיג פיר ארויסגעבער, מחברים און לעזער

די בוכבינדעריי און גאלאנטעריי-ארבייט פאבריק „טרוד"

„ТРУДЪ" פון **א. קאמען, ווארשא,** סאלנא 10

נעהמט אן פערשיעדענע פראכט און איינפאך ארבייטען צו זעהר מעסיגע פרייזען. די בוכבינדעריי האט אלע נייטיגע מאשינען, די נייעסטע און שענסטע ארנאמענטען און שריפטען, נעהמט אן בעשטעלונגען אויף איינבינדען און

**בראשירען גאנצע אויפלאגען, ביבליאטהעקען, האנדעלסביכער, שולביכער א. ז. וו.**

בעזאנדערס פערפערטיגט פראכט-בענדער אויף **פרעזענטען**

שטענדיגער בוכבינדער פיר פערלאג „תושיה" און „אחיאסף" און פיעל אנדערע.

זיך צו ווענדען שריפטליך און מינדליך אן

64 **А. Камень,** Варшава, Сольная 10. 10—2

---

## פריידינגען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זשארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען, אויף תשובה א מארקע.

ניט זאמט און פרעגט אן ביי:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

(25) 52—26

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями мо-жетъ каждый завести постоян-ный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

**פאבריק פון זילבער 84 פראבע**

(128) **עט פלאטטע-וואארען.** 9—50




---

## טובים לתשורות ומשלוח מנות!

1) **עולם קטן,** עתון מצויר לבני הנעורים, מהדורא ראשונה (65 חוברות) בחמשה כרכים מכ' הדר כל כרך כמחיר 1.50 רו"כ כל חמשת הכרכים ביחד 6 רובל.

2) **לוח עולם קטן,** קובץ ספרותי ושמושי לבני הנעורים, עם תמונות וציורים, מכ' הדר מחירו 1 רובל, להותמי ה„עולם קטן" 75 קאפ'.

3) **ספרים שונים** מכורכים הדר מכל המחלקות שבהוצאת „תושיה" תמונות וציורים, מכשירי הלמוד, אגרות גלויות מצוירות ואלבומים שונים, במחירים שונים

**פרוספקט מפורט ע"ז נשלח חנם לכל דורש!**

Издательство „**Тушія**" Варшава.

Verlag »Tuschijah« Warschau.

3—2 בע"פ: נובלופקי 7, מעון 16

---

## וויר מאכען אויפמערקזאם

אויף דען פריוואט **כירורגישען שפיטאל** פון **ד"ר בארעל** ווארשא מוראנאווסקא 14. אלע אפעראציא-נען ווערדען דורכגעפיהרט פאן ד"ר בארעל. אנגענומען ווערדען חירור-גישע קראנקע יעדען טאג פון 9—10 **פריוואט וואהנונג** דזיקא 3 פון 1—2 אונד 7—4.

(38) 26—14

---

עס איז ערשינען א זאמלונג בילדער און ערצעלונגען פון

## שלום אש

אונטער דעם נאמען:

## אין א שלעכטע צייט

פרייז 40 קאפ.

הויפט פערקויף ביי ה' לודסקי (פערלאג „פראגרעס") נאלעווקי 38 „הצפירה", „תושיה" און „אחיאסף"

---

## הוצאת „ישרון".

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות. קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום** ארץ ישראל והמושבות מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו בארה"ק. ותולדות המושבות וראשית התיסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3 75 עם פורטה למו"ס ואגרות ציוניות הנחה הגונה

**Книгоиз. „Іешурунъ", Вильна**

**Verlag „Ieschurun" Wilno Russland.**

25— (15)

Nr. 10. **Jüdische Volks-Zeitung** צווייטער יאהרגאנג.


# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

**אבאנאמענטס־פרייז:**

עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

**אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:**

יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

**פרייז פאר מודעות (אנצייגען):**

פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעססע פאר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעססע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушiя" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ":
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.


4 März 1903. Nr. 10. ה' אדר תרס"ג.

## פון דער אדמיניסטראציע.

מיר בעטען די אבאנענטען, וואס האבען פאריגעס יאהר איינגעצאהלט אויף $3/4$ יאהר, היינו: 3.75 רובל אונ די וואס האבען היינטיגעס יאהר איינגעצאהלט לויט דעם פאראיאהריגען פרייז אויף $1/4$ יאהר היינו: 1.25 רובל אונ עס איז געבליבען אין דער אדמיניסטראציע אויף זייער חשבון 25 קאפ. זיי זאלען צו־שיקען ביז צו דעם פרייז פון א גאנץ יאהר, א האלב יאהר אדער א פיערטעל יאהר, כדי מיר זאלען זיי פון נייעם פיערטעל יאהר קענען שיקען די נומערן אהן אויפהאלטונג; אונ ווען זיי פערלאנגען אויך די פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם" זאלען זיי צושיקען לויט דעם אבאנאמענטס־פרייז, וואס איז געצייכענט אין אונזער צייטונג אין אנהויב פון יעדען נומער.

## דאס ארימקייט אין גאליציע.

(ענדע.)

אונזערע גליקליכערע ברידער אין מערב־איראפא האבען מיט די רומענישע יודען א שלעכטע ערפאהרונג געמאכט. מען פלעגט זיי אין גאנצען צו פערלאזען, עס איז קיינעם נישט אנגעגאנגען וואס זיי טוען דארט, אדרבא, די גרויסע יודישע באנקיערען האבען נאך די רומענישע רעגירונג געהאלפען מיט הלוואות אונ קרעדיט, ביז עס איז צום סוף די ארימע יודען דארט אזוי שלעכט געווארען, אז זיי האבען געמוזט צו 10 טויזענדער אויסוואנדערען. דעמאלט האבען די רייכע יודען אין מערב, חאטש פאר בושה, געמוזט העלפען די אומגליקליכע עמיגראנטען, וואס די וועלט זאגט, אז זיי זענען זייערע ברידער.

אין גאליציע, וואו עס וואהנען פיער מאל אזוי פיעל יודען ווי אין רומעניע, קאן מען דעריבער נישט ווארטען אויף די לעצטע מינוט ביז די פערארמטע יודען, וואס בלייבען אהן פרנסה, וועלען קומען צום שכל אונ זעהען, אז עס איז פאר זיי קיין אנדערע עצה נישט דא נאר אויסצוּוואנדערען. ווארום ווען די גאליצישע יודען זאלען אנ־הויבען אויסצוּוואנדערען מאסען־ווייז, וואלט דאס געווען א געוואל־טיגע צרה פאר דאס גאנצע יודישע פאלק. אזוי פיעל ארימע לייט אויף איין מאל צו העלפען איז אוממעגליך. דאס האבען די יודען אין וויען אונ אין דייטשלאנד מורא געהאט אונ האבען בעשלאסען די גאליצישע יודען צו העלפען טאקי אין גאליציע אליין איידער זיי הייבען אן מאסען־ווייז אויסצוּוואנדערען.

דריי גרויסע יודישע חברות האבען זיך אין דער דאזיגער הילף פעראייניגט: דער „הילפספעראיין דייטשער יודען", וואס פאראייניגט אלע רייכע יודען אין דייטשלאנד, דער „הילפספעראיין פאר די ארימע יודען פון גאליציע", וואס איז צו דעם צוועק געגרינדעט געווארען אין וויען, אונ די „בני ברית"־לאזשען אין דייטשלאנד אונ אין עסט־רייך. זיי האבען אבגעמאכט מיט עקספארט־געשעפטען אין וויען, וואס שיקען ארויס פערשידענע סחורות קיין אויסלאנד, זיי זאלען איבער־געבען גאליצישע מיידלעך פון די קליינע שטעדטלעך מאטעריאל אויסצואַרבייטען. דער הילפספעראיין פון וויען שיקט בעשטענדיג ארום אין די גאליצישע שטעדטלעך לעהרערינס, וואס לעהרנען אומזוסט די מיידלעך די ארבייט אונ נאך א קורצער צייט פארדיענט יעדעס מיידעל פון 8 ביז 10 קראנען א וואך ביי א שפּיעלעדיגער ארבייט. ביז היינט האבען שוין פיעל טויזענדער מיידלעך די ארבייט דערלערנט אונ טייל דערנעהרען זייערע עלטערן, וואס האבען קיין אנדערע פערדיענסטען נישט. די ארבייט האט א טאפּעלעם ווערט. ערשטענס קומט אין יעדען שטעדטל יעדע וואך אביסל פריש געלד אריין, וואס די גאליצישע יודען זענען ביז אהער גאר נישט געוואהנט געווען אונ צווייטענס ווערען די מיידלעך בעהיט פון ליידיגגעהן, וואס האט זיי געבראכט ביז היינט צו אלדאס בייז. צו געהן דיענען האבען דאס רוב יודישע מיידלעך נישט קיין חשק. ווארום כמעט יעדער ארמאן איז דא ביי זיך אזא שיינער יוד ווי דער עושר אונ עס שטעהט איהם נישט אן זיין טאכטער צו שיקען דיענען. טויזענדער יודישע

סוחרים, וואס מיזען האלטען דיענסט־מיידלעך זענען געצוואונגען קריסטליכע מיידלעך צו צונעמען אונ זיי ליידען פון זיי גרויסע צרות, וואס זענען גאר נישט צו בעשרייבען; טיילמאל טראכטען אויס די קריסטליכע מיידלעך אויף די יודען, אויף זייערע בעלי־בתים, שרעקליכע בלבולים אונ א יודיש מיידל איז כמעט גאר נישט צו בעקומען פאר א דיענסט־מיידל. די מיידלעך זענען ליידיג געגאנגען אונ האבען צייט געהאט צו קלערען אויף א תכלית. ביי זייערע עלטערן האבען זיי אבער קיין שום תכלית נישט געפונען אונ פיעל פון זיי זענען געפאלען אויף א המצאה, צו געהן אין קלויסטער אריין, זיך פאר צו בערייטען צום שמד'ען. ביי „זיי" האבען זיי געקלערט, ברויך א מיידל נישט קיין נדן, נישט קיין טייערע קליידער צו דער חתונה, וועלען זיי גיכער קומען צו א תכלית. דאס יודישקייט לערנען דאך מיידלעך נישט ביי גוטע פרומע יודען, א יודיש ביכל האבען זיי קיין מאל נישט אין די האנט געהאט, „עפּיס אנדערש" האבען זיי אבער יא געלערנט אין דער שולע אונ ביי זייערע חברת'עס אונ עס איז גאר קיין חדוש ניט, אז דווקא די בעסטע יודישע מיידלעך, די וואס זענען בטבע געוואהנט צו קוקען אויף די וועלט מיט אפענע אויגען, טרעטען אב פון יודישקייט, פון זייער פאלק אונ פון זייערע עלטערן אונ געהען איבער צו „זיי". אנדערע ווידער, וואס קענען נישט נאכדענקען אונ קענען ווענ־ניגער די וועלט, לאזען זיך לייכט פארנארען פון די אכזרי'שע מענשען־העגדלער, וואס האבען אין גאליציע פיעלע פערטרעטער אונ ווארטען נאר אויף אזוינע מיידלעך ליידיג געהערינגס, וואס קלערען אויף א „תכלית".

די ארבייט, וואס די חברות פון אויסלאנד געבען איבער די דאזיגע מיידלעך, וועט מיט דער צייט אלצדינג אנדערש מאכען, טייל פון די ארימע מיידלעך וועלען זיך פון זייער אייגענער ארבייט צו־נויפלעגען א קליין פערמעגען אונ וועלען האבען א תכלית, אנדערע ווידער, וואס דערנעהרען זייערע עלטערן פון זייערע ארבייט, ווערען דורך דעם מיט זייער פאמיליע מעהר פערבונדען אונ געפינען זיך וויכטיג אין דער געזעלשאפט אונ וועלען זיך פון איהר נישט אזוי לייכט שיידען. זיי וועלען אויך, אפשר אויס דאנקבארקייט צו די יודישע חברות, וואס האבען געזארגט פאר זיי, בלייבען קינדער פון זייער פאלק.

די ארבייט וואס מען גיט איבער די מיידלעך זענען הויזארבייטען: הארענע נעצלעך שטריקען, קראוואטען נעהען. שפּילצייג פאר קינדער מאכען. מיט דער צייט קענען זיך גאר פון די הויז־ארבייט ענטוויקלען גרויסע אינדוסטריען אזוי ווי מיר ווייסען, אז אלע אינדוסטריען האבען זיך ענטוויקעלט פון הויז־ארבייט. די חברות זוכען נאך אנדערע ארבייטען איינצופיהרען אין גאליציע. אין מאנכע שטעדטלעך אונ דערפער האבען זיך די קריסטליכע מיידלעך אויך אויסגעלערנט די ארבייטען אונ דאס איז נישט קיין חסרון. אדרבא, ווען די קריסטען וועלען דאס פלייסיג ארבייטען וועלען עם די יודען, וואס האבען א טבע אלצדינג נאך צו טון יענעם, אויך פלייסיגער ארבייטען. פלאץ צו פארקויפען די פראדוקטען איז דא גענוג. אז דער פויער פארדיענט איז אויך א טובה פאר טייל צדען.

וואלט היינט דער באראן הירש געלעבט, וואלט ער זיכער אנ־שטאט שולען איינצוריכטען וואו מען ברויך זיי נישט, ליבער ארבייט געשאפט. איצט מיזען חברות די נייטיגע פאר טויזענד גולדען, וואס מען ברויך אויסצולערנען די גאליצישע מיידלעך ארבייטען, צוזאמענ־בינטלען. אבער דאס שאדט נישט. די גרעסטע מיליאנערען קענען א גאנץ פאלק נישט אזוי פיעל העלפען ווי פיעל דאס ארימע פאלק קאן זיך אליין העלפען מיט פלייסיגע ארבייט, אז עם געפינט גאר דעם רעכטען וועג דאצו.

ש. מ. לאזאר.

## פאריטישע ענינים.

(די לאגע אין מאקעדאניע. דער שלום מיט ווענעצועלא. דער ענין דרייפוס).

דער פחד פאר א מלחמה, וואס קאן אויסברעכען אין אייראפּא צוליב דער מאקעדאנישער פראגע, ווערד אלץ גרעסער. עם קומען אן יעדען

# פעליעטאן.

## צעזייעט אונ צעשפּרייט.

### בילדער פונ'ם יודישען לעבען.

אין דריי אקטען

פון

### שלום-עליכם.

(ענדע).

### V-טע סצענע

(מאיר מלכה אונ חנה.)

מאיר. איך האב געהערט זאגען, אז דו פאהרסט קיין... ווי אזוי הייסט די שטאדט?

חנה. קיין בערן, אין דער שווייץ, אויף די קורסען.

מאיר. אויף די קורסען? דו הערסט, מלכה? זי פאהרט אויף דו קורסען? זי פרעגט אונז גאר נישט! יענע איז גלאט אנטלאפען דער רוח ווייסט מיט וועמען... דער פאהרט קיין ארץ ישראל פלאנצען וויינגערטנער, אונ די פאהרט קיין... ווי אזוי הייסט די שטאדט?

חנה. בערן...

מאיר. בעריל? דאס ערשטע מאל הער איך, א שטאדט זאל הייסען בעריל! זאג זשע מיר טאכטער וואס איך וועל דיך פרעגען: ווי רעכענסט דו, מיר האבען עפּיס אויף דיר צו שאפען, צי גאר נישט?

חנה. צו שאפען? בכלל א מענש אויף א מענשען קאן נישט האבען צו שאפען.

מאיר. ביזט דו גערעכט, ווארום דו האסט געלערענט געאגראפיע, פארשטעהסט דו מסתמא מעהר פון מיר; נאר פון דעסטוועגען האב איך געוואלט וויסען: איהר קעהרט אונז עפּיס אן שטיקלעך איינגעע? הא? איהר זענט אונזערע קינדער, צי ניין?

חנה. אייערע.

מאיר. אונ מיר, הייסט עס, זענען אייערע פאטער אונ מוטער, צי ניין?

חנה. אונזערע.

מאיר. קענען מיר אייך למשל זאגען: דאס מעגט איהר אונ דאס ניט?

טאג שרעקליכערע ידיעות וועגען רציחות און איבערפאלען אין די געגענד פון מאקעדאניע. גאנצע דערפער, גאנצע שטעדט אין מאקעדאניע שטעהען וויסט, ווייל די איינוואהנער זענען אלע אוועק צו צו העלפען די מורדים. די בולגארישע רעגירונג, וועלכע זעהט פאר־אויס די סכנה, וואס שוועבט אויף איהר לאנד, אויב די טערקישע רעגירונג וועט זיין געצוואונגען ארויסצוגעהן מיט דעם שווערד געגען די מורדים, האט זי פלוצים מבטל געוועזן די בולגארישע קאמיטעט'ס, וואס זענען זיך משתדל צו העלפען די מורדים אין מאקעדאניע און האט שטרענג פארבאטען די בולגארען, זיך אריין צו מישען אין מאקעדאנישע זאכען. דער סולטאן האט דער בולגארישע רעגירונג דערפאר געדאנקט, און פון דעסטוועגען בעווארענט זיך בולגאריע בעצייטענס און האלט גרייט א מחנה פון 20,000 סאלדאטען צו בעשיצען דאס לאנד. פון די אנדערע מדינות פון דער באלקאנישען האלבאינזעל זענען די ידיעות אויך נישט שטארק פרייהליך. גריכענלאנד און אל־באניע זענען נישט צופרידען מיט די נייע ארדענונגען, וואס די טערקיי האט נאר בדעה איינצופיהרען אין מאקעדאניע. מיר זאגען דעריבער די ווערטער האט „נאר בדעה", ווייל ווי ד'ער אמת איז קאן נאר טערקיי חלומ'ען וועגען מאכען נייע ארדענונגען אין מאקעדאניע, אויספיהרען דאס וועט זי אבער קיינמאל נישט, דען דאס דארף קאסטען גנזי־גנזאות געלד, גאר אין די מיליארדען אריין און דאס איז נישט פאר איהר קעשעניע און ווידער בעטען גאר די מאקעדאניער נאר ל פ נ י ם אויסבעסערונגען, באמת מיינען זיי גאר זיך אין גאנצען אבצורייס'ען פון טערקיי און ווערען פאר זיך א מלוכה ווי בולגאריע און מאנטי־נעגרא. דער פחד פאר א מלחמה אויף דעם באלקאנישען האלבאינזעל איז אזוי גרויס, אז דער ענגלישער קעניג האט געפונען פאר נייטיג וועגען דעם צו דערמאנען אין זיין רעדע, וואס ער האט געהאלטען ווען דאס פארלאמענט אין לאנדאן האט זיך געעפענט.

דערפאר איז מען אבער זיכער, אז צוליב ווענעצועלא וועט שוין קיין מלחמה נישט זיין. די גאנצע אויפטועריי מיט ווענעצועלא איז געוועזן דייטשלאנד: ווען נישט זי, וואלט שוין ענגלאנד לאנג משוה געווארען מיט דער פשרה, וואס דער אמעריקאנישער געזאנדטער באוען האט פארגעטראגען, נאר דייטשלאנד האט נאך נישט געוואלט, עס האט זיך איהר נישט געגליסט אוועקצוגעהן פון ווענעצועלא ווי מען זאגט מיט דער בייטש און האט נאך אלץ געמיינט טאמער, טאמער וועט זי דארטען בעגליקט ווערען, ביז זי האט סוף כל סוף זיך ארומגעזעהען, אז וואס מעהר געווארט מעהר גענארט און האט נעביך געמוזט אלץ נאכגעבען, וואס מען האט פאר איהר פארגעטראגען און האט שטיל, אהן לארם איהרע שיפען צוריק גענומען פון ווענעצועלא. אוים בלאקארע.

שטיל און אהן לארם אבצוטון א זאך, דאס קענען די דייטשען. דאס איז א שטיל קאלט פאלק, וואס ווערד פון קיין זאך נישט נתפעל. דער ענין מיט ווענעצועלא האט קיין שום נוצען נישט גע־בראכט, עס איז וועגען דעם נישט כדאי געוועזן זיך צום נארען צו מאכען, דער גאנצער ענין איז א שאס פולווער נישט ווערט געוועזן; אבער שטיל, פיין רוהיג. און טאמער וועט זיך איין עזות פנים אין פארלאמענט ארויסחאפען מיט א שאלה: ס'טייטש אזוי פיעל געלד אבגעקאסט, און עס האט קיין שום נוצען נישט געבראכט? וועט קייזער ווילהעלם נעמען א כוס אין האנד, נישט חס ושלום צום טרינקען, נאר צו האלטען א רעדע און דערמיט וועט זיך ענדיגען. אנדערש אבער זענען די פראנצויזען, זיי זענען פונקט דער היפך פון די דייטשען, פאר זיי איז גענוג, אז א זשארע, למשל, זאל זיך אויסרעדען א ווארט און גאנץ פראנקרייך קאכט, גאנץ פראנקרייך איז זיך אצינד מפלפל וועגען די נייע פאקטען אין דעם ענין דרייפוס, יעדער זאגט זיך איין אנדער השערה, דערציילט וועגען איין אנדער פאקט און דער צד שכנגד לייקענט דאס באלד אב. נאר דער וויכטיגסטער פאקט, וואס קאן באמת מבטל זיין דעם משפט אין רען, איז א פנים דאך א פאלש דאקומענט, וואס מען האט בסוד געוויזען די שופטים אין רען און דאס האט מכריע געוועזן, מען זאל דרייפוסען ווידער פערמשפט'ען.

---

חנה. ניין, איהר קענט נים.

מאיר. ניין? מיר קענען נים? דו הערסט, מלכה, וואס דו טאכ־טער דיינע זאגט? מיר קענען נישט, מיר האבען נישט אויף זיי קיין שום דעה!

מלכה. ווייס איך, וואס הערסט דו, וואס זי וועט דיר דערצעהלען? א קינד פלאפעלט...

מאיר. (מיט כעס אויף מלכה'ן) נארישע יודינע! בהמה וואס דו ביזט! הערסט דאך ווי זי רעדט! זי רעדט ווי איין אלטער, ווי א בר־דעת, און דו זאגסט „א קינד פלאפעלט!"... (צו חנה'ן,) זאגסט דו, הייסט דאס, אז נאך דיין שכל קומט אוים, אז מיר האבען ביי אייך קיין שום דעה נישט?

חנה. ווער זאגט דען אז איהר האט ביי אונז קיין דעה נישט? איהר זענט אונזערע עלטערן און מיר זענען אייערע קינדער, וואס זענען מחויב אייך אפגעבען כבוד, ליב האבען און פאלגען אלסדינג...

מלכה. (דער פרייט) ווי מיר זאגען אלע אין דער פריה: „פאלגען וואס דער טאטע הייסט, וואס די מאמע הייסט, וואס גוטע פרומע לייט הייסען"...

מאיר. אט וועט זי דיך באלד פאלגען, דו זעהסט נים?

חנה. פארשטעהט זיך, אבי נאר א גלייכע זאך, וועלען מיר אייך פאלגען.

מאיר. אהא! אבער אז מיר וועלען די זאגען, למשל, פאהר נים אהינצו, ווי אזוי הייסט די שטארט?

חנה. בערן...

מאיר. בעריל? וועסט דו דאך מסתמא אקוראט פאהרען קיין בעריל?

חנה. געוויינטליך, ווארום אין דעם הענגט אפ דאס גאנצע לעבען מיינס.

מאיר. פארשטעהט זיך, ווי דען איז אנדערש? ווארום ווי קאן מען גאר לעבען אויף דער וועלט, אז מע פאהרט נים אוועק אהין, ווי אזוי הייסט די שטאדט?

חנה. בערן...

מאיר. בעריל? און דיין ברודער חיים מוז דאך פאהרען קיין ארץ ישראל פלאנצען וויינגערטנער?

חנה. מיין ברודער קאן פאהרען וואוהין ער וויל; איטליכער — פאר זיך.

מאיר. פארשטעהט זיך, פארשטעהט זיך! איטליכער וועט זיך

ווענען דעם דאקומענט איז כדאי א ביסל מאריך צו זיין.

אין די ניינציגער יאהרען איז דער דייטשער קייזער ווילהעלם געקומען צו זעהען א מאנעווער פון סאלדאטען אין איינע פון די אייראפעאישע לענדער; דארטען האט ער זיך צוזאמענגעטראפען מיט דעם גרעסטען פון דעם פראנצויזישען גענעראל־שטאב, מיט דעם גענעראל לע מוטאן דע בואדעפער אונ איז אריין מיט איהם אין א שמועס, געוויהנטליך וועגען "תכסיסי־מלחמה". פון דעם שמועס איז שפעטער, אז זיי זענען זיך פונאנדער געפאהרען, ארויסגעוואכסען א גאנצע קארעספאנדענציע, וואס האט אבער באלד אויפגעהערט. בואדעפער האט פערשטעהט זיך ווילהעלמ'ס בריף געהאלטען ווי איין אוצר, אונ שפעטער, אז עס האט זיך געמאכט דער ענין דרייפוס האט ער זיך בענוצט מיט דעם דאזיגען בריף. זיין קאנדידאט גענעראל גאנז האט געהייסען דעם בעוואוסטען אנרי, וואס מען האט איהם געהייסען שפעטער זיך נעמען דאס לעבען, ער זאל בעקומען א חברה־מאן, וואס פערשטעהט נאך צו מאכען יענעמס חתימה אונ ער האט בעקומען א געוויסען יוד, וואס זייענדיג נאך אין דייטשלאנד האט ער געהייסען לעהמאן אונ שפעטער, אז ער איז אנגעקומען אין פראנקרייך, האט ער זיך א נאמען געגעבען לעמערסיע־פיקאר אונ ער האט נאכגעמאכט דעם דייטשען קייזער'ס האנדשריפט אונ האט אויף דעם בעוואוסטען "בארדערא" צוגעשריבען איינע הערות מיט די נאכגעמאכטע האנדשריפט פון קייזער ווילהעלם. דעם איינענעם לעמערסיע־פיקאר האט מען נאכדעם געפונען הענגענדיג אין א זעהר פראסטען האטעל אונ די וואס ווייסען די ענינים קלערער, בעהויפטען, אז דאס האט ער זיך נישט אליין גענומען דאס לעבען, נאר אנרי האט דאס איהם געהאנגען, פאר וועלכען עס האט נישט געלוינט, אז דער יוד, וואס ווייסט פון אלע זיינע סודות זאל לעבען.

אט דעם דאזיגען בארדערא מיט די נאכגעמאכטע הערות פון דעם דייטשען קייזער האט מען בסוד אונטערגערוקט די שופטים אין רען אונ צוליב דעם האט מען דרייפוסען ווידער פער'משפט אונ איהם זיין מענשען־רעכט גערויבט.

## נייעס פון דער וואך.

### I. וועלט נייעס.

— מען זאגט, אז דער זאכסישער קראנפרינץ האט בעשטימט פאר די פרינצעסין לואיזע נאך דעם גט 40.000 פראנק א יאהר.

— קעניג עדוארד פון ענגלאנד איז ווידער שטארק קראנק.

— וועגען דעם אנפיהרער פון די מורדים אין מאראקא, בו־האמארא, קומען פערשידענע ידיעות. וואס זענען זיך סותר. אנדערע זאגען, אז ער לעבט שוין נישט מעהר. אונ אנדערע זאגען, אז ער געהט מיט א נייע מחנה נעגען דעם סולטאן.

— דער שוועדישער קעניג אסקאר האט געמאכט א נייעם ארדען ספעציעל פאר די, וואס צייכנען זיך אויס אין דער וויסענשאפט.

— מאדאם עמבער איז שוין קראנק איינינע טעג אויף דעם האלז אונ דעריבער האט מען אבנעלייגט דעם משפט.

— היינטיגען חודש האט מען איינגעפיהרט אין ווארשא צו צונעמען אויף פאסט פאסילקעס, וואס זענען פערזיכערט ביז 45.000, וועלכע מען וועט קענען שיקען אין לאנד גופא.

— איבער דעם זומער־סעזאן וועלען איינגעפיהרט ווערען מאנאטס בילעטען אויף דער באהן פון ווארשא נאך לאדז אונ וועלען קאסטען מיט 30 פראצענט ווענינער ווי די געוואהנליכע.

— אונטער דעם אופזיכטס־ראטה איבער די ווארשעווער שולען געפינען זיך 626 שולען. דערונטער 235 רעגירונגס־שולען אונ 391 פריוואט שולען. די צאהל פון אלע שילער גרייכט ביז 39,292 אונ לעהרער—2034.

— די קראנקהייט פון גראף ל. נ. טאלסטאי ווערד מיט יעדען טאג שטארקער.

— אין לאנדאן איז נעשטארבען קינטען חאג, דער גרינדער פון די פאלקס־אוניווערזיטעטען, אין זיין אוניווערזיטעט האבען צוגעהערט לעקציאנען נישט ווענינער ווי 187000 מענשען, דאס רוב פריקאשציקעס. דער פערשטארבענער האט צו זיין אוניווערזיטעט צוגעלענט היבשע עטליכע מיליאנען.

---

פאהרען וואוהין די אוגען וועלען איהם טראגען, אונ מיר, מלכה, וועלען בלייבען דא אינצווייען, ווי זאגט ער: "דיר טא באבא", קיין עין הרע, שען באוואהרענט אלע קינדער, שען! דער — אהער, דער — אהין . . .

מלכה. צעווייעט אונ צעשפרייט אויף אלע זיבען ימים . . . (וויינט שטילערהייד.)

חנה. (צו דער מוטער) וואס וויינסט דו? מיר פאהרען נאך נישט. (זי וויל אוועק נעהן: דער פאטער האלט זי אפ.)

מאיר. (צו חנה'ן) שטעה נאר שטעה, איך וויל דיך פרעגען נאך איין זאך: ווי אזוי רעכענסט דו אשטיינער, פון וועמענס וועגען דארפען מיר דאס גאנצע געלד אונזערם מיט אונזער גאנצען פארמעגען? איך מיין נישט איצטער, איך מיין אויף איבער הונדערט צוואנציג יאהר נאך אונזער טוידט? (מלכה וויינט נאך שטארקער).

חנה. א מענש כל זמן ער לעבט לעבט ער אונ דארף נים קלערען וועגען טוידט . . . (צו דער מוטער) וואס וויינסט דו?

מאיר. ביזט קלוג אזוי ווי שלמה המלך; פון דעסטוועגען וואלט איך וועלען דו זאלסט מיך קלאר מאכען, פון וועמענס וועגען איינענטליך האב איך דאס גאנצע לעבען געהארעוועט, אויסגעריסען געווארען, זיך געמאכט מיט דער בלאטע, זיך מפקיר געוועזען, געליטען הונגער אונ קעלט אונ בזיונות? צו ליב וואס אונ צו ליב וועמען? צו ליב דיין שוועסטער וואס איז אנגילאפען מיט א נאקעטען אפטייקער? צו ליב מאטוויי דעם שארלאטאן, ער זאל דאס קענען נאכדעם צעטרענצלען, פארשפילען אין קארטען? צו ליב דעם אנדערען ברודער דיינעם, דעם ארץ־ישראל־יודען? צי צו ליב — דעם קליינעם וועווריקל, דאס צעבאלעוועטע מיזיניקל דעם תכשיט, וואס פאהרט ארום אויף ליסעפעדען, שפילט זיך מיט קעק אונ לערנען זיל דאס ווי א וואלף? אדרבא, איך פרעג דיך, מאך מיך קלאר, לאם איך וויסען איין מאל פאר אלע מאל, וואס האב איך צו טהון אויף דער וועלט?...

חנה, איך האב דיר שוין געזאגט פריהער, אז איטליכער פאר זיך; ניט איך דארף געבען דין וחשבון פאר מיין שוועסטער אונ פאר מיינע ברידער, אונ ניט איך בין שולדיג אין אסך זאכען, וואס דא קומט פאר. . . מעגליך, אז מע זאל שטארק נאכזוכען, וואלט מען געפונען ווער ס'איז שולדיג. . . נאר נישט פון דעם רעד איך; איך רעד פון זיך. דאס וואס איך רייס מיך אזוי פון דאנען — אונ רייסען רייס איך מיך שוין פון לאנג, האטש גאט איז מיין עדות ווי מיר איז דאס נישט גרינג. . . (מאמע וואס וויינסט דו?) — דאס איז דערפאר וואס איך קאן שוין מעהר ניט אריבערטראגען, איך קאן שוין מעהר אט דא אין דער דאזיגער שטוב ניט זיין!...

מאיר. אהא! דו קאנסט אט דא אין דער דאזיגער שטוב ניט

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** אין פינאנץ-מיניסטעריום בעהאנדעלט מען א פראיעקט מען זאל יודען אסר'ן צו פערקויפען פאסט-מארקען, ווייל מען האט אין די יודישע געוועלבער שוין מעהרער מאל פערקויפט פאלשע אדער אבגעוואשענע מארקען.

— די צאהל פון די צוגעזאגטע נדבות אויף דער ווארשאווער יודישער ביבליאטהעק בעטרעפט שוין 11,350 רובל. אין גיכען וועט מען עס אנהויבען בויען.

— די פארשטעהער פון דער מעדעצינישער פערוואלטונג אין ווארשא האט בעשלאסען צוצולאזען צום עקזאמען אויף דענטיסט, נאר די וואס האבען זיך געלערנט אין ווארשא, אבער נישט די וואס האבען זיך געלערנט אין אנדערע שטעדט און קומען אין ווארשא נאר זיך עקזאמינירען.

— די יודישע קאמענשטשיקעס, מולארעס און קצבים אין קיעוו, וועלכע דער גובערנאטאר האט געהייסען, זיי זאלען ארויס פון דארט, האבען דערלאנגט א בקשה, מען זאל זיי לאזען ביז איבער ווינטער נאך בלייבען אין קיעוו און מען האט זיי ערלויבט צו בלייבען ביז דעם 1 אפריל 1903.

— קירצליך וועט די רוסישע רעגירונג ארויסגעבען נייע געזעצע וועגען די דינים פון גטין ביי יודען.

— נישט לאנג איז אין פעטערסבורג געוועזען א העברעאישער אבענד. די הכנסה פון דעם אבענד איז געגאנגען אויף דעם „בית נאמן" אין ירושלים. צווישען די וואס האבען געליינט זייערע זאכען זענען געוועזען די בעוואוסטע העברעאישע שרייבער ד״ר י״ל קאצענעלסאן און דוד פרישמאן. אויך האט מען געליינט אויסגעקליבענע זאכען פון ביאליק, ש. ל. נארדאן, ל. פרץ און ספעקטאר („דוד העשירי" איבערזעצט אין העברעאישען פון סטודענט י. נפך).

— די חברה וואס זארגט פאר ארימע קינדער אין ווארשא, זיי זאלען קענען זומער צייט ארויספאהרען אויף פרישע לופט האט איינגעארדענט זומער-וואהנונגען פאר זעהר ווייניג געצאהלט פאר ארימע קינדער פון 8 ביז 13 יאהר.

— אדוואקאט היינריך לעווי מיט נאך איינינע קהל-פערזארגער אין ווארשא האבען זיך געווענדעט מיט א בקשה צום גענעראל גובערנאטאר ער זאל זיי ערלויבען צו גרינדען א חברה, וואס איהר צוועק איז צו שטיצען די ארימע קינדער, וואס לערנען אין די פריוואט-שולען.

— די צאהל פון די יודישע חדרים אין ווארשא גרייכט ביז 262, דערינען זענען דא 431 לעהרער און 13,995 שילער. עס מאכט אויס אויף יעדען לעהרער 33 שילער.

— אין פינסק האט זיך געגרינדעט א חברה „דוברי עברית", וועלכע האט דעם צוועק צו מאכען העברעאיש פאר א לעבעדיגע שפראך.

— די יודען פון דער סט' סטאריא דאראגי, אויף דער באהן-ליניע ליבוי—ראמני, האבען בעקומען א בעפעהל צו פערלאזען דאס דארף ווייל לויט די געזעצע פון 3 מאי 1882 האבען זיי קיין רעכט נישט דארט צו וואהנען.

— אין לאדז וועט מען קירצליך אנהויבען בויען א שפיטאל פאר יודישע נייסט-קראנקע, דערויף איז אסיגנירט 100,000 רובל.

**עסטרייך-אונגארן.** (ניעקראלאג) נישט לאנג איז אין וויען נעשטארבען צו 26 יאהר דער העברעאישער שרייבער אשר סגל אויס אדעסא. ער האט געשריבען אין איינינע העברעאישע צייטונגען און זאמעל-ביכער אונטער זיין אייגענעם נאמען און אונטער דעם „פסידאנים" זוסמאן. ער האט אויך איבערזעצט איינינע בעריהמטע ווערק פון דער איראפעאישער ליטעראטור ווי „רעב" פון קנוט-האמסען, „מני קדם" פון קאראלענקא און „שירים בפרוזה" פון טורגעניעוו. ער האט אויך געשריבען א ווערק איבער ציוניזם מיט דעם נאמען „בין תקוה ויאוש". תנצב״ה.

**ענגלאנד.** דער בעוואוסטער ענגלישער שריפטשטעלער האלל קען גרייט צו צום דריקען א סעריע ארטיקלען, אין וועלכע ער לויבט די נאציאנאלע שטרעבונג ביי יודען.

**פראנקרייך.** ה' נ. ליפמאן, א יודישער מיטגליד אין דעם פראנצויזישען אינסטיטוט' אין פאריז, איז געווארען דער קאנדידאט פון דער „געאגראפישער וויסענשאפט" אויף דעם יאהר 1903.

— ה' דוד לעאן, דער מיטגליד פון דעם יודישען קאנסיסטאריום אין פאריז, האט בעקומען פון דעם טערקישען סולטאן דעם ארדען „אטאמאניע".

— די יודישע פאלקס-אוניווערזיטעט, וועלכע איז נישט לאנג געגרינדעט געווארען אין פאריז, ווערד גרעסער און בעסער. די צאהל

זיין? מלכה, דו הערסט חאטש ווערטער? זי קאן אט דא אין דער דאזיגער שטוב נית זיין!... (שרייט אויף א קול) געהט זשע אייך פון דאנען צו אלדע שווארצע יאהר, אלע ביז איינעם, קומען זאל אויף אייך... (צעלאזט זיך צו חנה'ן מיט אויפגעהויבענע קולעקעס.)

מלכה. (שטעלט זיך אוועק צווישען פאטער און צווישען דער טאכטער) מאיר! לאס איך שטארבען אט דא אויף דעם ארט, אויב די וועסט זי מיר אנריהרען מיט א פינגער! (חנה אנטלויפט, עס קומט אריין דאס מיידל מיט א בריף און נעהט אוועק.)

### VI-טע סצענע

(מאיר און מלכה אהן חנה'ן.)

מאיר. וואס פאר א בריף? פון וואנען איז א בריף? (צערייסט דעם קאנווערט, ליינט) „ליבער פאטער!"... (אהא, ס'איז פון מאטוויי'ען!) „זיי וויסען, אז איך האב חתונה געהאט אהן דיין וויסען"... (מלכה, דו הערסט?) „מיט א מיידל, וואס שטעהט אסך העבער פון רב משהלי זיידענשטאמערס טאכטער, חאטש זי איז פון א קלענערען יחוס... און חתונה האב איך נעהאט אהן דיין וויסען דערפאר, וואס איך ווייס, אז די וואלסט געוויס נית געוואלט דעם שדוך"... (מלכה, וואס זאגסט דו אויף דיין קדיש?) „עס איז געווען צווישען אונז איין אפגערעדטע זאך נאך פון לאנג; נאר איך האב ביז אהער אייך נית אויסגעזאגט איבער אסך טעמים, וואס איך קאן זיי אט דא נית ארויסשרייבען... איך האב געמוזט אפפאהרען אויף א פאר טאג אהער, אין דעם דאזיגען שטעדטל, און דא שטעלען א שטילע חופה"... (הא, מלכה?) „וואָרום איך האב נישט געוואלט אייך אנטהון דעם בזיון ביי אייך אין דער-היים"... (א וואהלער זוהן!) „דעם מחותן וויים איך נישט צי דו קענסט איהם, ער איז איין אלטער מאן, א בלינדער און הייסט גדליה קאטשער; ער איז געווען אמאל א שרייבער ביים נאטאריוס"... (זעהר א לייטישער שדוך!) ער איז שוין לאנג בלינד און עובר-בטל, און די קינדער האלטען זיך אויף אליין... זיי זענען פראסטע מענשען, נאר ערענטליכע... (מע קאן זיך שוין פארשטעלען!...) „און מחמת איך בין געקומען אהער מיט קליינע עטליכע קערבלעך, בעט איך דיך דו זאלסט מיר באלד ארויסשיקען געלד"... (דאס איז דער עיקר!) „און מיר ביידע, איך און קלארע, לאזען גריסען די מאמע און איטליכען באזונדער נאר פריינדליך.

מאטוויי."

— נו, מלכה? מזל טוב דיר! מזל טוב! (ער קנייטשט צונויף דאס בריוועל אין האנד און טהוט דאס א שליידער אין דער ערד אריין.)

מלכה. (טוירט ווי די וואנד, בריבט די הענד) וועה איז מיר, וואונד איז מיר! וואס טהוט זיך עס מיט אונז?

מאיר. (לויפט ארום איבערן שטוב און שטעלט זיך אנידער)

פון די צוהערער איז 200. דער גראנד ראבינער צדוק הכהן מיט נאך אנדערע פאריזער רבנים שטיצען זעהר דעם דאזיגען אוניווערזיטעט און מען האפט, אז דער באראן עדמונד ראטהשילד וועט עס אויך שטיצען.

**פארטוגאל.** דער פארטוגאלישער קעניג קארלוס האט דעם יודען שלמה סערואיא מיט דעם טיטול באראן בעעהרט פאר די גוטעס וואס ער האט געטאן מיט די פארטוגאלישע אונטערטאנען אין טראנסוואל.

### III. ציוניסטישע נייעס.

— אין וויען איז נישט לאנג געווען א משפט צווישען דער יודישען קאלאניאל־באנק און דעם ד״ר בלאך. דער רעדאקטאר פון דער „עסט־רייכישער וואכענשריפט", דערפאר וואס בלאך האט בעליידיגט די אנפיהרער פון דער קאלאניאל־באנק. ד״ר בלאך האט זיך פערענטפערט, אז זיין כונה איז נישט געווען זיי צו בעליידיגען און אז ער האט די בעליידיגענדע ידיעה געבראכט פון „איזראעליט" און ער בעט מען זאל איהם מוחל זיין, און מען האט עס איהם געטאן.

— אין גיכע צייטען וועט זיין איין אספה ביי דער ציוניסטישער פארטיי „מזרחי".

— אין לאנדאן איז די צייטען געוועזען א ציוניסטישע צענטראל פערזאמלונג, אויף וועלכען פערשידענע ציוניסטישע אנפיהרער האבען געהאלטען רעדען.

— דער זעכסטער ציוניסטישער קאנגרעס וועט זיין אין באזעל.

## פונ׳ם ווארשאווער לעבען.

הערט זשע די מעשה פון וואנען איך האב זיך דערוואוסט פאר וואס אריםעלייט האבען ליב קינדער: איך, ווי אלע וואס זענען בכלל מענש, האב אויך א „פאראדנעם" שניידער פאר נייע מלבושים און א לאטניק פאר קליינע פאפראווקעס. דעם ערסטען מאל, אז איך האב דערזעהען מיין פאראדנעם שניידער אין ווארשא בין איך גאנץ נשתומם געווארען: א גאנצער פאן. אויסגעפוצט אין עסיג און האניג, און ניט נאר ער האט ניט אויסגעזעהען ווי א יוד. נאר עס איז ניט געווען צו דערקענען אז זיין זיידע איז געווען א יוד, אבער אז ער האט אויפגע־עפענט זיין מענה לשון און האט אנגעהויבען צו רעדען פויליש, ווי דער סדר איז אין ווארשא, איז זיך פראסט געווען צו מונטערען. ניט קיין דקדוק, ניט קיין ימין ושמאל, הכלל ער האט אזוי גערעדט פויליש. אז איך האב פראסט ניט פערשטאנען וואס ער וויל, נו פרעג איך ביי אייך, וואס פאר א לשון זאל איך מיט מיין שניידער רעדען: רוסיש קאן ער געווים ניט, ווייל א ווארשעווער יוד, אז ער קאן ניט קיין פויליש, קאן ער קיין רוסיש א ודאי ניט. אפשר טייטש? אבער טייטש טאר מען דאך אין ווארשא ניט רעדען, מע וועט אייך פראסט פאר־שטיינען, „סקול יסקל האדם בווארשא שידבר בלשון אשכנזי". פאר וואס טאר מען דאס אייגענטליך ניט רעדען קיין טייטש אין ווארשא? אט דאס וויל איך אייך טאקי, מיינע ליבע לעזער, דערצעהלען. אין פרייסען איז דא א שטעדטעלע ווזעסען. און דארטען איז דא א שקאלע, וואו עס לערנען זיך טייטשע און פוילישע קינדער. אין דער דאזיגער שקאלע האבען די רביים געוואלט, אז די קינדער זאלען דאוונען אויף טייטש און די תלמידים האבען געזאגט ניין, מיר ווילען דאוונען אויף פויליש, נו איז פון דער דאזיגער מחלוקה געווארען א גאנצע חד־גדיא. אזוי איז געוועזען: ואתא, זענען געקומען די רביים און האבען אריינ־געהאקט די תלמידים און די תלמיד׳קעס אין דאס וואס מען טאר ניט זאגען אין א מקום קדוש, דערנאכדעם זענען געקומען די טאטעס און די מאמעס פון די תלמידים און די תלמיד׳קעס און האבען געשלאגען מכות אכזריות די רביים. דערנאכדעם זענען געקומען די טייטשע דינים און האבען די טאטעס און די מאמעס אריין געזעצט אין טורמען, זענען דאך נעביך די קינדער די געשמיסענע געבליבען נע ונד. ואתא, זענען ווידער געקומען גוטע מענשען און האבען צוזאמען גע־מאכט פיעל געלד פאר זיי. וואס פעהלט דא אין דעם חד־גדיא? ואתא הקדוש ברוך הוא, וואס הקדוש ברוך הוא וועט זאגען אדער טון ווייסט מען נאך ניט. א זעלכע חד גדיא׳ס האבען שוין אין דער וועלט פאסירט, אבער אזא רעש ווי דער פוילישער חד גדיא האט גע־

---

הער צו מלכה, וואס איך וועל דיר זאגען: ווי ס׳איז א ספר מן השמים (ער בעווייזט אויפ׳ן סדור), אז איך בין איהם מעביר־נחלה, איך מעק איהם אויס פון דער צואה! איהם און פלאראן!... פון היינט אן און ווייטער איז נישטא ביי מיר קיין מאטוויי און נישטא ביי מיר קיין פלארא!... אוים! אוים קינדער!

מלכה. (ברעכט די הענט) ביי מיר זענען זיי שוין לאנג אוים קינדער! פון דער צייט אן וואס דו האסט באקומען דאס פארשאלטענע געלד, און ווער שמועסט פון זינט מיר זענען אריבערגעפאהרען אין דער דאזיגער פארשאלטענער שטאדט, אויסגעשטעלט די דאזיגע שטוב און איינגעפיהרט דאס דאזיגע לעבען, אז איטליכער וואס ער וויל דאס טהוט ער...

מאיר. (חאפט זיך מיט ביידע הענט ביים קאפ) גוואלד! גוואלד! גוואלד! רבונו של עולם פאר וואס קומט דאס מיר? פאר וועמענס זינד? פאר וועמענס שולד?

מלכה. פאר וועמענס זינד, פרעגסט דו? פאר אונזערע איינענע זינד, וואס מיר האבען אזוי שען געלערענט אונזערע קינדער, אז אך און וועה די יאהר! זיי נאכגעגעבען די שמד! דאס גאנצע יודישקייט גענומען און ארויסגעווארפען אויפ׳ן מיסט! און נאר נאכגעמאכט, נאכ־נאכגעטאנצט יענעם! ביי יענעם פארטעפיאנעס — ביי מיר פארטעפיא־נעס! ביי יענעם קארטען — ביי מיר קארטען; ביי יענעם אויף גוייש — ביי מיר אויף גוייש... (עס לויפט אריין סאשא מיט א גדולה.)

### VII-טע סצענע

(מאיר מלכה און סאשא.)

סאשא. דו ווייסט, מאמע, מע האט מיר טאקי געבראכט צו פיהרען א הונט! גיב מיר, מאמע, געלד! האסט דאך מיר צו געזאגט קויפען א הונט!

מלכה. (ווינקט צו איהם, ער זאל אוועקגעהן) אט האסט דו דיר די אנדערע טעג יום טוב!

מאיר. וואסער הונט?

סאשא. א הונט! איין אנטיק פון א הונט; זאלסט זעהען א פעל! זאלסט אנקוקען א מארדע! א מארדאשקא!

מאיר. (אין כעס) איך וועל דיר געבען א פעל! איך וועל דיר געבען א מארדע! הונט פעהלט דא נאך ביי מיר אין שטיב?! אוועק דו ווערוריק איינער, דו פוסטע בחור, וואן! וואן זאלט איהר מיר געהן אלע ביז איינעם, וואן!!!...

סאשא. אויב אזוי געה איך גאר זיך טרענקען (אנטלויפט)

מאכט אין דער וועלט אונ בפרט אין ווארשא איז נאך ביז אהער ניט געוועזען — אונ עס איז געבליבען דא אין ווארשא, אז מהיום והלאה זאל מען ניט רעדען קיין טייטש אונ קראנקע זאלען ניט פאהרען אין בעדער וואו מען רעדט דייטש, אונ דעריבער איז מען מיט בויכוויטאג אונ הארץ־ווייטאג אונ מיט אלע ווייטאגען פון א גאנץ יאהר עם כל הנערים געפאהרען נאר אין פוילישע בעדער, עס איז טאקי דארט געווען אזא שטיקעניש אונ ענגשאפט, אז עס זענען געשטאנען יודען אונ האבען מיט א וויינענדיגען קול געבעטען: שענקט א יודען א ביסעלע זאלץ, שענקט א יודען א ביסעלע בלאטע, אונ דאס האט אלץ אנגעמאכט וואס די רביים האבען די תלמידים אבגעשמיסען. — דעם אמת געזאגט, אז א פערדישער מח קאן דאס ניט פערשטעהן, אז מען איז אין כעס אויף דעם חזן ניט אמן צו ענטפערען, אז די רביים האבען די תלמידים געשלאגען. דעריבער זאל מען ניט רעדען קיין טייטש אונ ניט פאהרען אין טייטשע בעדער, טייטש רעדט מען ניט נאר אין פרייסען אבער אין גאנץ טייטשלאנד, עסטרייך, טייטשע שווייץ אונ קראנקע מוז מען שיקען, וואו זיי קריגען א רפואה שלימה; אבער א מנהג ברעכט א דין. אז די מלאכים זענען אראפגעגאנגען אויף דרערד האבען זיי געגעסען, אזוי וואו מיר לעבען אין ווארשא מיזען מיר זיך האלטען אן די ווארשעווער מנהגים. דא טאר מען ניט רעדען קיין טייטש—איז ניט, מוז מען אויסקומען אהן טייטש.

הכלל ווי זאל איך זיך צוזאמען רעדען מיט מיין שניידער? רוסיש, פויליש, טייטש ניט. טא ווי זשע? עס איז ביי מיר געבליבען אז אם בעסטען, איך רעד מיט איהם מאמע־לשון. איך וויים טאקי, אז די אסימילאטארען וועלען זיך דערוויסען, אז א דאקטאר רעדט זשארגאן וועלען זיי איהם אין חרם אריינלעגען. דען מה דאך אז זיי ווילען אלע יודען פון פראנציסקאנסקע אונ נאלעווקע, מאכען פאר גוים, א פשיטא שוין א דאקטאר זאל רעדען פראסט „יודיש", א גוי זאל זיך שמאדען אויף א יודען, איז דאך געוויס א געוואלט זאך, דאס איז נאך גאר נישט געהערט געווארען אזא מעשה! אבער פקוח נפש איז דוחה שבת — ווען דער שניידער קאן קיין אנדערען לשון נישט נאר זשארגאן, דארף מען ניט הערען וואס די אסימילאטארען שרייען: רעדט ניט קיין זשארגאן! דעם אמת געזאגט, האלט איך עס פאר ניט ריכטיג, וואס אונזערע געבילדעטע יודען פעראכטען אזוי דעם זשארגאן. אלע שפראכען, אפילו אזא שענע שפראכע ווי פראנצויז האט אויך א זשארגאן, אונ איך זאג אייך, אז דער פראנצויזישער זשארגאן, איז נאך ערגער ווי דער וואס מען רעדט אין ווארשא אויפ'ן פישמארק פון דעסטווענען, זאגט דער בעריהמטער פראנצויזישער שרייבער וויקטאר הוגא, אז יעדער פראנצויזישער פאטריאט, וואס ליבט זיין פאלק, איז מחויב אויך צו קענען דעם פראנצויזישען זשארגאן. אזוי אויך יעדער יוד, מעג ער זיין וואס ער איז, א דאקטאר, יוריסט וכו', אויב ער אינטערעסירט זיך פאר יודען אונ רוקט זיך פון זיי ניט אב אונ וויל, אז דער יוד זאל איהם פערשטעהן אונ ער דעם יודען מוז קענען רעדען זשארגאן אונ זיך דאמיט ניט שעמען, אונ איך האב טאקי מיט מיין פאראדנעם שניידער אנגעפאנגען פראסט מאמע־לשון, עס איז געווען א מחיה, ער האט מיך פערשטאנען, איך איהם, אונ אז מיר זענען מושוה געווארען מיט'ן מקח, האט ער געוואלט אוועקגעהן, האב איך איהם אבגעהאלטען, אונ געפרעגט וואו ער וואהנט, נעמט ער ארויס א וויזיטקארטע אונ גיט מיר. אז איך האב דערזעהען די וויזיטקארטע איז מיר פראסט פינסטער געווארען אין די אויגען: הערט יודען אונ בלייבט ניט אין חלשות: די קארטע איז געווען אויף פראנצויז.

Toilleur Smendeur Hoe
rue Lapotinska Nr. 15.

ווי קומט א קוה צו שמעטענע? א מפלה וואלט איך זיך אויף איהם ריכטען, א מענש וואס קאן קיין זאך ניט, דרוקט קארטען אויף פראנצויז! אבער א יודען טאר מען ניט חושד זיין, טאמער איז ער טאקי א פראנצויז? ע"כ האב איך איהם גלייך א פרעג געטאן, ווי איז

## VIII-טע סצענע

(מאיר אונ מלכה אהן סאשא'ן.)

**מאיר.** (שרייט נאך סאשאן) טרענקען? טרענק זיך! הענג זיך! הענגט זיך אלע! אלע זאלט איהר זיך אויפהענגען אויף איין שטריקעל! אזעלכע קינדער ווי איהר זאלען נאר ניט געבאהרען ווערען!! (מלכה וויל זיך לאזען לויפען נאך סאשען, מאיר האלט זי צו.) שא! לויף ניט! ציטער ניט! האב קיין מורא ניט פאר'ן מיזיניקעל, ס'וועט איהם חלילה גאר ניט זיין! (שטעלט זיך אוועק אין מיטען שטוב.) מלכה, וואס הייסט דאס? וואס טהוט זיך דא? וואס איז פאר קינדער ביי אונז? (עס קומט אריין מאשע, דאס דינסטמיידל.)

## IX-טע סצענע

(די זעלבע אונ מאשע, דאס דינסטמיידל.)

**מאשא.** דא איז געקומען א מענטש פון גראנדאטעל זאגען, מע זאל אייך זאגען, אז דער פריץ, דער גראף הייסט עס, איז געקומען צו פאהרען אין גראנדאטעל, אונ רופט אייך איהר זאלט קומען צו געהן באלד אהינצו צו, אין גראנדאטעל הייסט עס.

**מאיר.** הא? וואס? דער פריץ, דער גראף איז געקומען?... דאס אנטהון ניט אהער! די שטיוועל; דאס היטעל! וועה איז מיר; דער פריץ, דער גראף איז געקומען צו פאהרען אונ איהר שווייגט!?... (ער ווארפט זיך אויף אלע זייטען; מע טראגט איהם צו דאס אנטהון; מאיר שלעפט אויך זיך די מלבושים, טרעפט נישט וואו מע דארף אונ ווערד נאך מעהר צעטראגען אונ אין כעס) בהמות! פערד! וואס שטעהט איהר ווי די טאקען? פאר וואס העלפט איהר מיר נישט אנטהון זיך? איהר הערט דאך, אז דער פריץ, דער גראף איז געקומען צו פאהרען! דער גראף! דער גראף!!... (זיך אנגעטהון בלייבט ער שטעהן א ווייליע ווי פארטראכט.) מלכה!... וואס איז פאר קינדער ביי אונז?... הא?... וואס איז מיט זיי געווארען? וואו זענען אהינגעקומען אונזערע קינדער, מלכה?...

**מלכה.** (מיט א זיפץ) צעוויינט אונ צעשפרייט אויף אלע זיבען ימים!...

**מאיר.** הא? וואס זאנסט דו, מלכה? איך הער ניט וואס דו זאגסט... וואו זענען זיי? די קינדער אונזערע וואו זענען?... מלכה!... אונזערע קינדער??... (ער פאלט צו אינ'ם גאנצען אנטהון צום טיש מיט א געוויין.)

**מלכה.** (לויפט צו צו איהם אין שרעק) מאיר! נאט איז מיט דיר! מאיר!...

פארהאנג.

---

א שניידער אויף פראנצויז? הא, זאגט ער און האט אויפגעשטעלט אויף מיר א פאר אויגען מיט איין אפען מויל און האט אויסגעזעהען ווי... איך האב שוין געזעהען פערשידענע חיות און בהמות אבער אזא פנים האב איך נאך ניט געזעהען. אין א ווײַלע ארום, "איך ווייס ניט", זאגט ער. ס'טייטש איהר ווייסט ניט? אייער קארטע איז דאך א פראנצויזישע? "איך בין, זאגט ער, אריין געגאנגען צו א ליטאגראף און האב איהם געבעטען ער זאל מיר אבדרוקען א שניידער אויף פראנצויז, א גוטען טאג" האט ער געזאגט, א גוט יאהר, האב איך געזאגט און א סוף פון די מעשה, מיט דעם פאראדנעם שניידער.

בעו"ה אזוי זעהען אויס אונזערע בעלי־מלאכות מיט פראנצויזישע קארטען און אהנע קארטען. אזוי פיעל ווי איך ווייס, אין קיין לאנד און קיין שטאדט זענען ניט דא אזאלכע בנים, וואס זאלען זיך אזוי ווייניג אינטערעסירען מיט בילדונג ווי אין ווארשא, איך האב שוין געטראפען האנדווערקער, וואס געהען זעהר אויסגעפוצט און קענען זיך מיט גרויסע צרות קוים אונטערשרייבען. איך רעדט שוין ניט פון בערלין, וואו מען געפינט האנדווערקער זעהר געבילדעטע מענשען, אבער אין דער ליטא, ווילנא, קאוונא וכדומה, געפינט מען אויך א שניידערשע, קירזנערשע קלויז, וואו עס קומט א רבי און לערנט מיט זיי, אין ווארשא ווייסט מען גאר ניט וואס דאס איז. זיי קענען ריידען פויליש אויף די הינטערשטע פיס און מעהר ניט. — די קרענקונג איז נאך גרעסער, ווייל בעלי־מלאכות געהערען ביי יודען צו די גוואַרדיע. גדול הנהנה מיגיע כפו יותר מירא שמים. איך גלויב, אז עס איז א גרויסער יושר, אז די יודישע צייטונגען, בפרט די זשארגאנישע זאלען זיך נעמען צו דער ארבייט און דערקלערען זיי ווי ניט שען עס איז, אז מען איז ניט צו גאט און ניט צו לייטען.

דאקטאר א ש א.

# קארעספאנדענציעס.

רעזינא (בעסאראביע) די בעסאראביער געגענד רעכענט זיך ביי דער וועלט פון אייביג אן פאר א פארגרעבט ארט, איין ארט פון "מאמאליגע". דאס לעבען פון א טייל בעסאראביער אין היינטיגער צייט איז מיט פיעל זאכען אנדערש ווי דאס לעבען פון אונזערע פוילישע ברידער. צום ערשטען פון אונזער בריף וויל איך אייך בע־קענען מיט'ן שטעדטל רעזינא. אין דעם שטעדטל געפינט זיך עטליכע הונדערט פאמיליען, אדער עטליכע טויזענד נפשות. טייל פון די איינ־וואוינער זענען "טיטינער" (טאבאק הענדלער), וואס בעארבייטען אייגענע פלאנטאציעס פון טאבאק. אייניגע האבען אייגענע ווייגערטנער, און א טייל זענען קרעמערס קליינע און גרויסע סוחרים. פריהער מיט יאהרען, ווען די אייזענבאהן איז נאך ניט געווען ביי אונז, האבען אונזערע סוחרים זיך געשטעלט ביים פוד תבואות 4 אדער 5 קאפ. אציגד אבער, ווען יעדען טאג ערהאלט מען "בעריכטען", קויפט מען נאך דעם טאג, מע שטעלט נאך זיך פערדינסט 1/4 אדער א 1/2 קאפיקע ביים פוד און אז גאט העלפט פאלט די פרייז אראפ אויף א קאפיקע בעדארף מען שוין דער לעגען 2—3 קאפ. ביים פוד. אט פון אזעלכע מסחרים זענען פון די סוחרים געווארען "קלייטניקעס", ד. ה. ווי א שטוב איז א קלייטעל אבי צו דערהאלטען דאס לעבען. די פלאנ־טאטארס פון "טיטין" האבען אויך שלעכטע יאהרען, טאבאק געראט ניט, קאווקאז האט צו גענומען די בעסטע סוחרים, און די וועלכע האבען ווייגערטנער זענען גאר אומגליקליך: עס האט זיך אריין גע־חאפט די "פילאקסערא" און עס האט געמאכט א תל פון די גערט־נער, דארט וואו מען האט גענומען הונדערטע העמיר ווײַן — נעמט מען נאר 0 אדער 20 העמיר. מע קאן שוין פערשטעהן פון וואס מע קאן ציהען פרנסה, אז בעארבייטען דעם גארטען בעטרעפט א סך מעהר ווי פיעל די עטליכע העמיר ווײַן טרעפען אן די פרייז, נאר מען ליבט מיט דער האפנונג, אז די גערטנער וועלען זיך פערבעסערען מיט דער צייט. עס געפינען זיך ביי אונז עטליכע פערמעגליכע מענשען פון די גוטע צייטען, אבער נוצען האט די שטאדט פון זיי זעהר ווייניג. דא געפינט זיך ניט קיין רעכט תלמוד תורה, קיין ביקור חולים, קיין שולע און אפילו ניט קיין מרחץ. אונזערע שטאדט־לייט ווייסען און פיהלען זעהר גוט ווי עס פעהלט אזוינע זאכען אין שטאדט, נאר מען קאן דערפון ניט טראכטען איבער די מחלוקות צווישען אונזערע נגידים און פשוט'ע בעלי־בתים.

ס. מב—רג.

ביאליסטאק. נישט לאנג איז אין ביאליסטאק (גראדנער גוב.) געשטארבען יחיאל בער וואלקאווסקי צו 83 יאהר. דער פערשטארבענער האט כל ימיו געארבייט פאר די צרכי צבור פון דער שטאדט ביאליסטאק. ער האט קיין מיה ניט געשפארט, ווען ער האט נאר געוואוסט אז דערפון וועט ארויסקומען א טובה פאר דעם כלל אדער אפילו פאר א פרט. אויף דער עלטער אפילו, ווען ער האט שוין קוים כח געהאט צו געהן אויף די פיס האט ער אויך נישט אויפגעהערט זיך מתעסק צו זיין בצרכי צבור. די רוסישע רעגירונג, שעצענדיג די ארבייט פון דעם פערשטארבענעם האט איהם דערפאר בעשאנקען מיט מעהרערע מעדאלען און איהם געגעבען לדורות דעם טיטעל עהרענבירגער. די שטאדט ביאליסטאק, הן יודען הן קריסטען, האבען איהם צו דער לויה גרויס כבוד אבגעגעבען און מען האט איהם מספיד געווען מיט ריהרענדע הספדים תנצב"ה

יצחק ענזעט.

# חייקעל לאטניק

(א בילד).

חייקעל לאטניק איז געווען א בעל־מלאכה ווייט צו זוכען. פון זיינע מייסטערשטיק האט מען זיך דערצעהלט וואנדער: א פאר הויזען איבערמאכען אויף א "וואטופקע" אדער פון איין אלטער יופיצע אויס־שניידען א "סאלאפקע" איז ביי איהם געווען, ווי פאר א גראשען א בייגעל אויפעסען. אין איין מינוט האט ער געגעבען דעם אלטען בגד א שניט, א שטאך, א פלעט מיט דעם פרעס־אייזען און עס איז געווא־רען פארטיג, געראטען, א תענוג.

צו מענדעל שניידער דעם "ווארשאווער" האט מען מיט אזא אלטוואַרג גאר נישט געקאנט צוקומען. ער איז געווען א יחסן, עס האט איהם גאר נישט געפאסט אין האנד צו נעמען, — צו דעם איז דאך דא חייקעל, וואס ווילט איהר פון מיין לעבען, פלעגט ער זאגען.

חייקעל האט גענעהט נישט אלטוואַרג אליין נאר נייע מלבושים

אויך. ער האט שוין געהאט זיינע קונדשאפטען: די אלטע נבאי'טע יענטע, די דינסטמיידען, די בעדערקע האבען געהאלטען פון איהם שטאהל אונ אייזען. די בעדערקע האט אפילו געזאגט, אז חייקעל פערשטעהט זיך אויף מאדעס נישט ערגער ווי מענדעל דער יחסן, אונ אז חייקעל הייסט א קלייד צופוצען מיט פרענזעלעך אדער מיט קנעפלעך, דארף מען טאקי צופוטצען מיט פרענזלעך אדער מיט קנעפלעך.

דעם פיינעם געשמאק אונ ידיעה אין דאמען-טאאלעטען האט חייקעל געהאט פיעל צו פערדאנקען זיין ווייב גיטעלע, וואס איז מיידעלווייז געוועזען א שייטעל-מאכערין אונ האט געמאכט שייטלען פאר די גרעסטע נגידות'טעס אונ די שענסטע כלות אין שטעדטל. גיטעלע האט געוואוסט, וואס שען איז אונ וואס מאוס איז, זי האט נאר געגעבען א קוק, א ווארף מיט'ן אויג, א הויב מיט'ן אקסעל, אונ חייקעל האט שוין געוואוסט. וואס זי מיינט, ער האט זי פערשטאנען אויפ'ן ווינק.

חייקעל לאטניק איז נאך געוועזען א יוד אין די בעסטע יאהרען. א בארד האט ער געהאט גאר א ברייטע, א געלע; אונ ער אליין איז אויך געוועזען א ברייטער, א קורצער, ווי מען זאגט: ברייטער ווי לענגער. זיין ווייב גיטעלע אבער איז דווקא געוועזען א לאנגע, א דינע, א דארע, ווי א שפאן. חייקעל האט זי נישט אנדערש גערופען, ווי: „מיין פלונית'טע" אונ גיטעלע, מען זאל זי הרג'ענען, האט זי אויף קיין פאל נישט געקאנט ארויסרעדען: „מיין מאן", זי האט נאר גערופען: „מיינער".

גיטעלע איז אפילו נישט געוועזען קיין שעמעדיגע. בשעת עפיס האט זי געהאט צעהן מאס רייד. איהר גרעסטער הארץ-וועהטאג איז געוועזען מענדעל שניידער. דאס איז געוועזען דער שטן, דער בייזער שטן פון איהר לעבען. איהרע אויגען האבען געפונקעלט, ווען זי האט פון איהם גערעדט, אונ גערעדט האט זי ביי יעדער געלעגענהייט.

— וואס טויג דיר? — האט זי וויפיעל מאל חייקלען איינגע-האלטען — וואס מאכסט דו דיר קאלע די צונג? לאז געמאך! איך בין איהם נישט מקנא, לאז ער האבען! איך, איך וויל נישט מיט קיין שעפעל, איך האב גענוג מיט'ן לעפעל, בין איך מיר א לאטניק!

גיטעלע אבער האט זיך נישט געלאזט איבערערעדען. דאס בלוט האט אין איהר געקאכט — דער כלב! די מלאכים שפיעלען זיך מיט איהם. איין שניידער אויף דער גאנצער וועלט! איין שווארצע קוה! אז נישט קיין ווארשאווער, איז מען שוין א לאטניק. מהיכי תיתא! פאר וואס דען נישט?

דעם „צונאמען" לאטניק האט חייקעל בעקומען, זייט מענדעלע שניידער איז אראבגעקומען פון ווארשא אונ קליין אונ גרויס האבען אנדערש נישט גערופען ווי: „חייקעל לאטניק".

אונ מיט בייזע בליקען האט גיטעלע אלץ געווארפען די אוי-גען צו יענעם אפענעם פענסטער, וואו עס איז געוועזען ארויסגעהאנגען א גרויסער, מיט געלב אונ מיט גרין געמאלטער שילד.

חייקלען האט עס אפילו נישט אנגעהויבען צו ארען. ער האט זיך נישט גענומען קיין עגמת נפש, — פון אלט-ווארג איז שווערער צו מאכען, ווי פון נייע — האט ער גיטעלען בערוהיגט — א קונץ צו שניידען, אז ס'איז דא פון וואס! דאס קאן א קאץ אויך. איך מאך טאקי פון אלטווארג ניי, דאס איז מעהר קונץ.

אונ חייקעל האט צוגעלעגט די שווערע שער צו איין אלטע וואטופקע.

גיטעלע האט פארביסען די ליפען. עס האט זי פארקלעמט ביז צום הארצען, אונ מענדעל שניידער אויף צו להכעיס האט זי גענומען אונ אויסגעקלעבט אלע ווענט אונ שויבען, טיר אונ טויער מיט מאדעס אונ פיגורען, מיט קרינאלינעס אונ גארסעטען.

— וואס מיינער האט אין נאגעל, דאס האט מענדעל נישט אין קאפ — פלעגט זי זיך ריהמען פאר די שכנת'עס — נאר גלאט, ער איז נישט ביי זיך קיין פריץ; וואס האט ער צו שרייען וועגען זיך אין די גאסען? מענדעל וועט אויסגעריסען ווערען מיט זיין שילד צוזאמען, אונ מיינער מיט גאטס הילף וועט נאך בעגליקט ווערען. איינער פון בארג אראב דער אנדערער אויפ'ן בארג ארויף. נישט קשה! עס איז דא א ליבער גאט אין הימעל!

אונ גיטעלע האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ אונ דערנאך דעם קאפ געהויבען צום הימעל, גלייך זי וואלט שוין געזאלט אויף דעם בארג ארויפפליהען.

פון דעם אלעם איז חייקעל דאך געוועזען איין ארימאן. חובות האט ער געהאט ביז איבער'ן האלז, אונ בשעת עס איז איהם אויס-געקומען דירה-געלד צו בעצאהלען, האט ער זיך געדרעהט, ווי א ווארם. אין שטעדטל האט מען געזאגט, אז גיטעלע איז נישט קיין בעל תכלית, זי פיהרט זיך צו ברייט, אז זי האט א געשמד'טען האלז...

דאס זענען געוועזען בייזע מיילער. גיטעלע איז גלאט געוועזען א גוטע בעל-הבית'טע, א פרומע יודישע טאכטער. שבת האט זי גע-מאכט, ווי גאט האט געהייסען, מיט פיש, געבראטענס אונ אנדערע מאכלים. אפילו לעקעך צום פערבייסען האט אויך נישט געטארט פעהלען...

גיטעלע האט אלץ געטאן נוטע פריינד זאלען זיך פרייען אונ שונאים אויף צעפלאצעניש; אונ אלע שבת נאכ'ן סדרה-לייענען פלעגט זי זיך אויסשלייערען אין איהר רויטע „דיזענע האלקע", מיט דעם אטלאסענעם „שערץ" אונ קווייטען, אונ זיך זעצען פאר'ן טיר אויף דער גאס ארויס.

— לאז מען זעהען, לאז מען פלאצען!

חייקעל איז געוועזען א שטיל יודעל, נישט קיין בעריהמער, א לערנער אפילו, א בעל-טובה. שבת א גאנצען טאג איז ער זיך געזעסען איבער'ן פרק, אדער גאר געזונגען זמירות. פון צייט צו צייט פלעגט ער אבער צוגעהן צום פענסטער אונ ארויסקוקען אויפ'ן גאס. עס איז גלאט געוועזען מאדנע צו זעהען דאס שבת'דיגע גערודער:

מאנסבילען, נקבות, מיידלעך אונ בחורים האבען זיך געדרעהט הין אונ צוריק, שבת'דיג אויסגעשלייערט פאר די הייזער. מענדעל שניידער מיט די הענט פארלעגט אויף דעם ריקען אונ די הויזען איבער די געפוצטע שטיוועל האט אויך געמאסטען די גאסען. מענדעל איז שוין געוועזען א דייטש, א ציוניסט, א ליטוואק מיט א צלם אין קאפ, א ווארשאווער ציוניסט. די נייע קאפאטע זיינע איז געוועזען קורץ

ביז צו די קניה און דאס היטעלע זיינס איז געווען ווי פון א חדר־יונגעל.

חייקעל האט געקוועטשט מיט די אקסלען און איהם ווייט, ווייט נאכגעקוקט. עס האט איהם אנגעחאפט א געלעכטער. מענדעל האט אויסגעזעהען ווי א פורים־שפילער, איין אמת'דיגער פורים־שפילער, און זיין זוהנעלע, דער שענער בחור, דאס איז דאך גאר געווען א טרפות פרעסער.

און חייקעל האט מיט בייסענדער איראניע נאכגעשאקעלט מיט דעם קאפ: א שענער עולם הבא איז דאס! אויף די הונט גע־זאגט. א יודיש ווארט קענען זיי דען זאגען? אסור ניין! מפטיר אפילו נישט.

און חייקעל האט זיך שטאלץ אויפגעשטעלט. זיין מפטיר קען דאס גאנצע שטעדטל. עס קלינגט בשעת ער זאגט, אזוי ווי א בעל־תפלה. חייקעל לאטניק איז א שענער בעל תפלה; דאס וועט ביי איהם מענדעלע דער ווארשאווער נישט אוועקנעהמען.

ער האט ארויסגעלאזט א ווייטען, רייסענדען טרעל, זיך עטוואס איבערגעגאנגען אין שטוב און ווידער זיך געשטעלט צום פענסטער, און האט ארויסגעקוקט. דא ביי דער טיר איז געזעסען זיין פלונית'טע אין דער רויטער „האלקע“ מיט די געלדענע שנירלעך, און ארום איהר אויף די טרעפ און אויף די שטיינער די קינדערלעך, זאלען לעבען!...

חייקלען האט געקוואלען דאס הארץ. די אויגען האבען איהם געשמייכעלט. דאס זענען געווען זיינע טייערע אוצרות. געלויבט איז גאט! פרנסה עטוואס ווינציג, אבער יודישע קינדער, כשר'ע קינדער!

דארט אויפ'ן שוועל, נאר אליין א שטילעטשקע, פארחלומ'ט איז געזעסען זיין ריי‌זעלע, זיין עלטעסטע, זיין כלה־מיידעל. ווי איין אמת'דיגע רויז, ווי א שענע בלום, ווייס, ווי געפאלענער שניי און אויגען ווי צוויי קארשען.

חייקעל האט נישט געקאנט גענוג זיך אנקוקען. דאס הארץ איז איהם געשפרונגען פון פרייד: מיין כלה־מיידעל'!...

— וואס זאגסט דו צו ריי‌זלען? — האט ער מיט א לאכעדיג פנים זיך צוגעקעהרט צו גיטלען, בשעת זי איז צו הבדלה אריינגע־קומען אין שטוב — א גאנצע נקבה! זי וואקסט, ווי אויף הייוועו.

— קיין בייז אויג זאל איהר נאר נישט שאטען — האט זי פון דער ווייטענס אפגעבלאזען גיטעלע — אם ירצה השם צו דער חופה! קאנסט שוין באלד אנהייבען חתונה־קליידער צו נייען, הלואי רבונו של עולם! און מיט א הארצעדיג געבעט און האפנונג האט זי אויפ־געהויבען די אויגען צום הימעל, צום העלען, שטערנדיגען הימעל.

חייקעל האט זיך צוגעבויגט צו איהר נאהענט, גאר נאהענט.

— שוין אם ירצה השם אין קורצען אייניקלעך...

זי האט געגעבען א לאך ארויס, אבער איהרע ליפען האבען געציטערט און די אויגען האבען איהם אנגעקוקט טיעף, פארטראכט אזוי ווי פארחלומ'ט...

ער האט זי אנגענומען ביי דער האנד שטיל, גאר שטיל און שטיל געשעפטשעט: מיין פלונית'טע!

סאלאמעא פערל.

# א יודישער פעזאש.

(וועגען די אויסשטעלונג אין ווארשא פון אברהם ניימאנ'ס בילדער *).

א פריה מארגען, ווייט ערגעץ אין דער וועלט אריין ציהען זיך די פערטונקטע פעלדער, און דארט גאנץ ווייט איז עס נאך אלץ בעוואלקענט, די הימלען אויסגעמישט מיט די פעלדער און א טוי־וואלקען, וואס מען ווייסט נישט צי שטייגט ער פון הימעל אויף דער ערד אראב, צי געהט ער פון די ערד אויפ'ן הימעל ארויף... פון ערגעץ א ווינקעל געהט אויף דער מארגען־שטערען, רוהיג זיכער שווימט ער ארויס, און ווארפט איין אבגלאנץ אויף די גרויע, האלב שארע וואלקען, וואס ציהען זיך איבער די הימלען, איינס, צוויי, דריי אויס־געגאסען ווי וועלען וואסער איבער'ן הימעל, די גאנצע נאטור קריכט ערשט פון די מוטער'ס. (די נאכט'ס) זייקעלעך ארויס, און דארט ווייט צווישען די פעלדער ציהט זיך שוין דער וועג, און אפשר פאהרט שוין דארט א פוהרל אויף דעם וועג, דער ערשטער שפור פון לעבען...

דאס איז דער קערפער פון בילד, וואס איז די נשמה פון בילד?

דער מאלער, למשל, זעהט א בוים און ער קומט און וויל אב־מאלען דעם בוים אזוי ווי ער איז מיט אלע זיינע איינצעלהייטען, נאר אהן זיין ווילען גיסט ער אויס פון זיין נשמה אויף דעם בילד, ער מאלט איהם אזוי ווי ער האט איהם מיט ז י י נ ע אויגען געזעהען און פערקערפערט אויף דעם בוים זיינע געפיהלען, זיין נשמה־צושטאנד.

אט, זעהט איהר, אין דעם ליגט נייטאן דער יוד, דער ארימער בית־המדרש־בחור, וואס גלייבט שוין נישט אין די גמרא און פיהלט, אז עס איז דא איין אנדערע וועלט. גאט'ס וועלט אונטער דעם שטעדטל. ער פיהלט זיך איינס מיט דעם אלעם און ווייסט אליין נישט פון דעם. בלאנדזשעט און זוכט א תכלית אין לעבען און איהם דאכט זיך, אז אלץ ארום בלאנדזעט און ווייסט נישט וואס ער האט צו טון, אלץ זוכט א „תכלית“ און געפינט נישט. אט געהט אויף דער מארגען־שטערען, די פעלדער ווייזען זיך און אלץ גלאצט און קוקט, ווי עס וואלט זיך פלוצלינג פון שלאף אויפגעחאפט, וואו זענען מיר?

*) אברהם נייםאן איז געבוירען אין שטעדטל ש ע ר ב א (פלאצקער גוב.). די יונגעלשע יאהרען האט ער זיך ערצויגען ווי דאס רוב יודישע קינדער, געלערענט אין חדר און דערנאך אין בית־המדרש. פון קינד־ווייז אן האט ער ליב געהאט צו מאלען. צו 18 יאהר, ווען דער יונגער נייםאן איז געקומען קיין ווארשא, האט זיך פאר איהם א נייע וועלט געעפענט, דא האט ער דאס ערשטע מאל געזעהען אויס־שטעלונגען פון בילדער, דער חשק צום מאלען איז נאך ביי איהם גרעסער געווארען און ער לערענט זיך שוין צייכענען ביי א מאלער און דערביי אין ווארשא געליטען דחקות. פון דעסטוועגען איז איהם צו 21 יאהר געראטען אריינצוטרעטען אין דער קראקויער אקאדעמיע פאר קונסט. שפעטער האט ער אויסגעשטעלט זיינע בילדער אין בערלין און אין האמבורג. אלע דייטשע בלעטער הייבען איהם אן צו ריהמען און רופען איהם אן „פוילישער דייטש“. „רוסישער דייטש“ און דאס ווארט יוד ווערד נישט דערמאהנט, חאטש דער יונגער מאלער שרייבט זיין יודישען נאמען „אברהם“ בפירוש אויף זיינע בילדער.

איצטער זענען זיינע בילדער אויסגעשטעלט אין ווארשא אין סאלאן קריוואלט,

די נאטור איז א לידעלע, וואס יעדער מענש הערט עס נאך זיין אופן נאך. יעדער מענש הערט דאס לידעלע און עס רעדט צו זיין הארץ און עס זינגט איהם אויס דאס נגונ'דל, וואס ער בענקט דערנאך, וואס ער וואלט עס געוואלט הערען.

אט גיעהט זיך, למשל, א יודל אויפ'ן וועג, איינער אליין. ער טראגט זיך דאס פעקל אויף די פלייצעס, דעם שטעקען אין דער האנד, אראבגעלאזט דעם קאפ, און גיעהט זיך און זינגט זיך אונטער א שטיל טרויעריג „ונתנה-תוקף"-נגונ'דל, פון ביידע זייטען פערשפרייטען זיך און לאזען זיך אוועק לאנגע, לאנגע פעלדער און מיט זיי לאזט זיך עפיס מיט אזעלכעס וואס נאגט ביים הארץ, וואס ציהט. אט ווייזט זיך ביים וועג א ביימעלע, איינס אליין שטעהט זיך, נאקעטע אהן-בלעטערדיגע צווייגעלעך שמייסען איינס דאס צווייטע, א ווינט בלאזט, לויפט און בלאזט אויף דעם שטויב, און א קארזש ווערד אויפ'ן וועג, און איבער די פעלדער ציהען זיך אוועק לאנגע און ברייטע פערחמארעטע הימלען, און דארט ווייט איילט ערגיץ וואו א וואלקענדל, איילט ווייט ערגיץ אין די וועלט אריין...

א יוד גיעהט, קלערט זיך וועגען א תכלית פרנסה... א כלה מיידל אין דערהיים זיצט און וויינט, וואס איז ער געביך שולדיג?... און דער בוים מיט די נאקעטע צווייגעלעך שמייסען איינס דאס צווייטע, און דארט ווייט איבער'ן הימעל איילט זיך דאס וואלקענדל...

באלד פאלט מען אין עצבות אריין, וואס, ווען, ווייסט מען נישט, גלאט אזוי, עס ליבט זיך טרויריג צו זיין, און דאס „ונתנה-תוקף"-נגונ'דלי גיעהט איבער אין א שטיל ליבליך חסידיש נגונ'דל, און די גאנצע וועלט ארום און ווערד עפיס צנוע'דיג און טרויריג. וואס, ווען, ווייסט מען נישט, גלאט אזוי... די לאנגע ציהענדע פעלדער. די אויסגעשפרייטע הימלען, ווי מען וואלט עפיס געזארגט אויף „גלות השכינה", יודען זענען אין גלות, און דארט ווייט אין פעלד ווייזט זיך א'ין ארימע חאטע, איין אבגעריסען דעכל. א פויערס א שטובעלע גלאצט אין די וועלט אריין, טרויערט אויך, אויך אין גלות...

איך קען א שטעדטל, עס ליגט דארט ביי א וואסער. שבת נאך מיטאג, יודען האבען זמירות אבגעזונגען, גיעהט מען צום וואסער אראב, מען זעצט זיך אויף די בעלקעס וואס ליגען ביים ברעג און מען קוקט אין וואסער אריין, די וועלען שווימען, איינער יאגט נאך דעם צווייטען און יודען זיצען קוקען אין וואסער און שווייגען... באלד גיט א יוד א קרעכץ, דער צווייטער ענטפערט איהם אב מיט נאך א ביטערערען... „גלייכער א יום תהלים געזאגט", טראכט זיך א יוד און דערהייבט זיך, בעלמוטשעט אויף גאר נישט, טראכט זיך א צווייטער און גיעהט אין בית המדרש אריין מנחה דאווענען, און אויפ'ן צווייטען שבת קומט מען ווייטער צום וואסער אראב...

— א יוד קאן נישט פיהלען די שיינהייט פון די נאטור, ער פערשטעהט זי נישט, האבען ניימאנ'ען זיינע קריסטליכע חברים פון די קראקויער אקאדעמיע אבגעענטפערט, ווען ער האט זיי דעם ערשטען פעזאש געוויזען.

— און פון וואנען זאל עס א יוד פיהלען? זאגט צו איהם א צווייטער, א יוד וואהנט שטענדיג אין דער שטאדט, ער האט שטענדיג צו טון מיט קאפ-זארגען...

א יוד זעהט גאר אנדערש די נאטור ווי איין אנדערער זעהט זי, ער זעהט זי מיט זיינ'ע אויגען. אזוי ווי ער פיהלט זי, עס נעמט ביי איהם איין אנדער געשטאלט אן. ביי איהם זענען אין גלות די פעלדער, די וועלדער, א ביימל ווען ער זעהט, טרויערט עס מיט מיט איהם, ווארום די שכינה כביכול אליין איז אין גלות...

און ניימאנ'ס בוים, ניימאנ'ס פעלד, וואלד, וואסער, אלץ וואס ער זעהט איז אלץ יודיש, חאטש עס איז נישט אויף זיי קיין מגן-דוד'ל אויסגעמאלט... אז א גוי פערשטעלט זיך און טוט זיך אן איי פאות, אין א בארד, איז ער נאך נישט קיין יוד...

אט מאלט ער אויס א בליהענדען בוים, עס שטעהט זיך א בוים פאר זיך, איינער אליין און טוט זיך דאס זייניגע, בליהט זיך פאר זיך...

איך האב געזעהען דעם זעלבען בוים געמאלט פון א צווייטען מאלער א קריסט, גאר אויף יענעם בוים ליגט עפיס א רוהיגעס אויסגעגאסען, א זיכערעס... עס וואהנט זיך א פויער אויפ'ן דארף, ער האט זיך זיינע פאר מארגעס ערד, ער בעארבייט זיי און ער לעבט זיך בשלום, זיכער, דא איז זיין ערד, זיין „מקום מנוחה", דא איז ער געבוירען געווארען, דא וועט ער שטארבען... אט שטעהט זיך אויך א בוים און גלויבט אין זיך און בליהט זיך פאר זיך...

אויף ניימאנ'ס איינזאמען בוים ליגט עפיס א טרויריגעס אויסגעגאסען, עס בליהט א בוים פאר זיך און טרויערט זיך איינער אליין פאר זיך, גאר נישט. גלאט אזוי, אהן א שום סבה, עס דאכט זיך עפיס ווי דער מאלער וואלט אין א ווינקעלע געשטאנען, געקוקט און געטראכט זיך, אט האב איך נישט מיין איינענעם בוים, האב איך מיר א פרעמדען אויסגעמאלט...

אנדערש אבער, מאלט ה' ניימאן א ווינטערדיגען בוים. אין א ים שניי ליגען פערטונקט קליינע הייזלעך, אין א וויסטע שנייעדיגע אלעע שטעהען זיך ביימלעך מיט שניי בעשאטען, די צווייגעלעך אראבגעלאזט, און אויף די צווייגען ציהען זיך וויים שניי בליכעס. געהייסען וואלט עס: אנדערע בליהען זומער, מיר ווינטער...

ה' ניימאן מאלט אונז אויס איין ענדע ווינטער, דאס וואסער רייסט זיך פון דעם אייז ארויס און לאזט זיך אין די וועלט אריין... ווייט ווייזט זיך די ערד, עס דאכט זיך, דער זומער רייסט זיך שוין פון די ערד ארויס...

אונטען אין א טאל ליגען אפאר הייזלעך פערשפרייט, קליינע הייזלעך, מענשען-ארבייט, עס שטעהט א הויכער בארג צו קאפענס די הייזלעך, און עס דאכט זיך מענשען ארבייט ווערען פערשעמט פאר גאט'ס גרויסע בעשעפניש...

ביימער מאלט ער, פשוט'ע ביימער און אויף די ערד ווארפען זיך זייערע שאטען און דאס ווארפט עפיס אזא מין אימה...

ה' ניימאן האט אונז מיט די פענזעל אויסגעזונגען די שטילקייט פון דער נאכט. ער האט אונז געוויזען די שטילקייט. א רוהיגע נאכט, די לבנה שיינט. מען זעהט זי נישט, אין די נאכט שטעהט א הויכע קירכע, וויים אבגעווייסט און קוקט אין די נאכט אריין און בעהאלט עפיס אין זיך א טרויריגען סוד...

א צווייטע נאכט, פינסטער איז ארום, אין הימעל בעווייזט זיך א שטערען און קוקט פון דער הויך אראב, א נביא זאגט נביאות,

אונטען אויפ'ן פעלד צווישען די טויטע שאטען ווייזט זיך א וואסערל, א שטראל פאלט אונ בעלייכט דאס וואסערל...

פיעל מאל האט ה' ניימאן געפריווט מאלען די „מנוחה" אליין, דאס רוהיגקייט, דאס זיכערהייט, לאנגע בייטען ערד ציהען זיך וייט אוועק, די הימלען שיצע־זיכער אונ ציהען זיך איבער די בייטען אונ עס דאכט זיך, אז אט נאך די לייווענד ציהען זיך די בייטען העט, העט, וייט, וייט אונ עס ווינקט צו אונז א נידער צו לעגען זיך, צו ליגען אונ צו שווייגען...

אבער אין ניימאנ'ס „מנוחה" ליגט א טרויערקייט אויסגעגאסען, א מין שטיל טרויערקייט, עס טרויערט זיך אהן א שום סבה, נאר גלאט אזוי פאר זיך... ווי שבת פאר נאכט, עס ווערד שוין טונקעל אין שטוב, די מאמע בעהאלטען אין די פינסטערע שאטען זאגט „גאט פון אברהם"...

דאס זענען די סמנים פון א „יודישען פעזאזש".

שלום אש.

---

# פריהער אונ איצטער.

(ענדע).

אין 1767 יאהר האט מען אין ענגלאנד ערפונדען א נייע סארט וועב־שטוהל, אונ דאס האט געמאכט זעהר גרויסע שינוים אין דעמאלסטדיגען לעבען.

דער פאקט פאר זיך אליין איז אפשר ניט אזא וויכטיגער אין אונזער געשיכטע. אין דער היסטאריע זענען פארגעקומען א סך גרעסערע ערפינדונגען ווי דאס. מיר בעציינענען אבער דעריבער נאר דווקא דעם פאקט, וויל דאס האט געלייגט א יסוד צו דעם נייעם געזעלשאפטליכען בנין; פון יענער צייט זענען מיר אריבער אין א נייע תקופה אונ דעריבער איז וויכטיג מיר זאלען רעדען וועגען דעם א ביסל באריכות.

מיר זאגען, אז דער פאקט האט בעשאפען א נייע תקופה, דערמיט מיינען מיר ניט צו זאגען, אז ווען ניט דער פאקט וואלט אונזער איצטיגעס לעבען אין גאנצען געוועזען אנדערש. דער פאקט איז ניט געוועזען א צופעליגער, א מקרה־זאך, נאר א פועל־יוצא, א רעזולטאט פון די פריהערדיגע בעדינגונגען. מיר שטעלען זיך נאר אב אויף דער דאזיגער ערשיינונג, וויל דאס האט אבגעטיילט דאס פערצייטיגע לעבען פון היינטיגען.

אין 18 טען יאהרהונדערט איז געוועזען די הויפט בעשעפטיגונג פון די ענגלענדער — וועבעריי. יעדער בירגער האט זיך געהאט זיין אייגען וועבשטוהל, מיט וועלכער ער פלעגט זיך דערנעהרען. געדונגענע ארבייטער זענען געוועזען ווענג: ערשטענס, וויל א וועבשטוהל האט געקאסט ווענג אונ יעדער האט געקאנט לייכט ווערען אליין א בעל־הבית; צווייטענס האט בכלל ניט געלוינט צו האלטען נעדונגענע בעלי־מלאכה'ס — מען פלעגט אן זיי ניט פערדינען, די שכירות וואס מען האט בעדארפט צאהלען דעם בעל־מלאכה איז געוועזען כמעט אזוי פיעל ווי דער גאנצער ריוח. ביי א צווייטען פלעגט מען נאר ארבייטען כל זמן מען איז געוועזען אין דער לעהרע. קוים האט מען גוט געקאנט די מלאכה פלעגט מען ווערען אליין א בעל־הבית. אלע וועבער פלעגען לעבען צווישען זיך זעהר גוט. אפילו צווישען בעל־הבית

אונ די לערן־יונגלעך פלעגט אויך זיין א גוט לעבען. יעדער מייסטער האט געקוקט אויף זיין לערן־יונגל ווי אויף א צוקינפטיגען חבר, ווי אויף א מענש, וועלכער איז גלייך צו איהם אליין. די צייט פון דער לעהרע איז נאר געוועזען א געוויסע שטודיום, וועלכע יעדער מייסטער האט געמוזט איבער לעבען. דער לערן־יונגל איז געוועזען א גלייכער אונ א פרייער מיטגליד אין דעם מייסטערס פאמיליע, זיי פלעגען ארבייטען צוזאמען, עסען צוזאמען, שלאפען צוזאמען אונ רוהען צוזאמען. די מאטעריעלישע לאגע פון די וועבער איז כמעט געוועזען א גלייכע. א געזונדערער אונ א געשיקליכער בעל־מלאכה פלעגט אויסוועבען מיט איינינע ארשין מעהר, א שוואכער — וועניגער. בכלל פלעגען אלע פערדינען אנגעפעהר גלייך. אוצרות געלד האט אפילו דער געשיקליכסטער בעל־מלאכה אויך ניט געקאנט צונויף קלויבען, פון הונגער ווידער איז געוועזען בעהיט אפילו דער ערגערער בעל־מלאכה.

די נייע ערפונדענע וועבשטוהלען האבען געמאכט א גאנצען איבערדרעהעניש אין וועבערס לעבען. דורך די נייע וועבשטוהלען האט מען געקאנט אויסארבייטען ליינוואנד 10 מאל אזוי פיעל ווי פריהער. די רייכערע בעלי־מלאכות האבען איינגעפיהרט די נייע וועבשטוהלען אונ האבען אנגעפאנגען צו קאנקורירען מיט די וועבער, וועלכע האבען געארבייט אויפ'ן אלטען שטייגער, דער פרייז פון ליינוואנד איז געפאלען אויף א גאנצע העלפט. ווען מיט די אלטע וועבשטוהלען פלעגט, למשל, יעדער וועבער אויסוועבען 10 ארשין א מעת לעת, האט דאס וועבען פון יעדען ארשין געקאסט 20 קאפ., וויל צוויי רובל האט יעדע פאמיליע נייטיג געהאט אויף דער האנד. דורך די נייע מאשינען האט מען געקאנט אויסארבייטען ניט 10 ארשין נאר 100 ארשין ליינוואנד. אונ דעריבער איז דער פרייז פון וועבען גלייך געפאלען פון 20 אויף 10 קאפ' אונ דאס האט גאנץ גוט געלוינט. דען אפילו נאכ'ן איצטיגען ביליגען פרייז האט מען אויך פערדיענט 5 רובל א מעת לעת, מיט 3 רובל מעהר ווי פריהער. אונ ווען מען זאל שוין ארונטער רעכנען 2 רובל פאר דער נייער וועבשטוהל, וואס האט געקאנט טייערער, בלייבט אלץ איבער א רובל א מעת לעת מעהר ווי פריהער. וואס איז געווארען מיט די אלטע וועבער? די ערשטע צייטען האבען זיי זיך אנגעשטרענגט מיט אלע כחות אויס צו האלטען די קאנקורענציע. זיי האבען אנגעפאנגען צו ארבייטען מעהר שעות אין טאג, איינגעטיילט א ביסל ארבייט דעם וייב אונ די קינדער, דען עס איז זעהר שווער זיך אבצוזאגען פון אייגענע בעלי־הבית'ישקייט אונ פון אונאבהענגיגקייט. סוף כל סוף, ווען די קאנקורענציע האט זיך מעהר געשטארקט, האבען די אלטע וועבער געמוזט אוועקווארפען זייער אייגען ווארשטאט אונ ווערען ארבייטער ביי די רייכערע, ביי די, וועלכע האבען ערווארבען א געוויסען קאפיטאל דורך די נייע וועבשטוהלען. — אויפ'ן סצענע פון דער געשיכטע ערשיינט א נייער קלאס — ארבייטער־קלאס, א זעלכע ארבייטער, וואס האבען, אויסער ארבייטס־קראפט גאר ניט, אזעלכע וואס לעבען נאר פון האנד אונ מויל.

דערמיט אליין האט זיך נאך ניט געענדיגט. דער חשק גובר צו זיין דעם אנדערען אין דער קאנקורענציע ווערד שטארקער, קיינעם ווילט זיך ניט פאלען א קרבן אין דער מלחמה פאר'ן קיום, יעדער מאטערט זיך צו לאזען סחורה ביליגער, כדי ער זאל קענען מעהר ממשלה

האבען אויפ'ן מארק, מען זוכט מיטלען, ווי דאס אויסצופיהרען, מען פערבעסערט די וועבשטוהלען, עס ווערד איינגעפיהרט פארע, עלעקטרי, מען פערגרעסערט די זאוואדען און פאבריקען, ווייל וואס גרעסער די פאבריקען זענען, מעהר סחורה ארבייט מען אויס און מען קאן לאזען דעריבער בילינער. די מלחמה צווישען די רייכע בעלי מלאכות און סוחרים ווערד שטארקער. די שטארקערע, דאס הייסט: די רייכערע האלטען אויס, די איבריגע, ארימערע, געהען אונטער, ווערען אלץ ארי־מער און ארימער, ביז זיי קומען צו דער מדרגה פון מענשען, וועלכע האבען ניט קיין שום אייגענטום — פראלעטאריער.

אזוי זענען מיט דער צייט פערנאנדערגעטיילט געווארען די פערשידענע בעלי־מלאכות, וועלכע האבען פריהער געלעבט כמעט גלייך, געבילדעט איין קלאס — אויף פערשידענע קלאסען, וועלכע זענען זיך סותר איינער דעם אנדערען. פון דער מלחמה וואס זיי האבען אלע געמוזט האלטען אויפ'ן וועלט־מארק זענען טייל געווארען רייכער, אויפגעהערט אליין צו ארבייטען און געווארען קאפיטאליסטען, טייל ווידער זענען געווארען אלץ ארימער און אריכער, געווארען פראסטע ארבייטער ביי זייערע פריהערדיגע חברים.

דאס גוטע לעבען, וואס האט פריהער געהערשט צווישען אלעמען, איז איצט צעשטערט געווארען, דען די אינטערעסען פון איין קלאס זענען געגען די אינטערעסען פון צווייטען קלאס. דעם בעל־הבית איז קוראנטער, אז די ארבייטער זאלען מעהר ארבייטען און ער זאל זיי וועניגער צאהלען. פאר די ארבייטער איז געוועהנליך בעסער צו בעקומען מעהר שכירות און וועניגער צו ארבייטען. דער מארק וואס איז פריהער געוועזען א קליינער איז געווארען א וועלט־מארק. די פאבריקאנטען און די סוחרים ווילען געפינען אלץ בעסערע קונים אויף זייערע סחורות און דעריבער זוכען זיי נייע פלעצער, מען בעגנוגט זיך שוין ניט מיט די ארומיגע שטעדטלעך אין דער אייגענער מדינה. מען פערקויפט און קויפט שוין סחורה אין אלע עקען וועלט. דאס האט געבראכט דערצו, מען זאל אויסבעסערען דעם פערקעהר צווישען מענשען און מדינות: מען האט אויסגעבעסערט די וועגען, שיפען א. ז. וו. דאס ווידער האט אויך געהאט א גרויסע ווירקונג אין דער געזעלשאפטליכער ארבייט.

דאס זעלבע, וואס איז פארגעקומען אין ענגלאנד ביי די וועבערי קומט איצט פאר ביי אונז אין אלע מלאכות.

דער עיקר מיט וואס עס צייכענט זיך אויס היינטיג לעבען פון אמאליגען איז דאס, וואס פריהער האבען געהערט די פראדוקטען דעם ארבייטער, ווער עס האט זיי אויסגעארבייט, ווער עס האט געלייגט אויף זיי הארעוואנע — היינט דעם, ווער עס האט די געצייג, די פאבריק, וואו מען ארבייט אויס די פראדוקטען.

אויסער דעם האט פריהער יעדער בעל־מלאכה אונגעפעהר געוואוסט וויפיעל ארבייט ער האט צו מאכען, יעדער שוסטער האט געוואוסט וויפיעל שטיוועל ער האט צו מאכען, די שניידער — וויפיעל פאר קליידער א. ז. וו. דען די הויפטארבייט איז געווען בעשטעלטע. — היינט געהט עס אלץ צו בלינדערהייט; מען מאכט אלץ אין פארראט (זאפאס) און דעריבער טרעפט וויפיעל מאל, אז מען ארבייט אויס סחורות מעהר וויפיעל עס איז נייטיג, עס פאלט דער פרייז, עס ווערד א קריזיס. אזעלכע זאכען זענען ביי אונז מעשיב בכל יום. אט דאס איז די אורזאכע, וואס עס איז אזוי שכיח ביי אונז באנקראטען — אזא ערשיינונג, פון וועלכע מען האט אין די ערשטע צייטען ניט געוואוסט.

און דעריבער איז איז היינטיגע צייטען יעדער אזוי פערזארגט, ווייל קיינער איז ניט זיכער מיט זיין שטיקל ברויט, יעדער, אפילו דער רייכער פאבריקאנט, קאן ניט וויסען, וואס עס וועט זיין מיט איהם מארגען, עס קאן זיין, אז איין אנדער פאבריקאנט פון דער אייגענער סחורה האט אויס געטראכט א נייע מיטעל ווי בילינער צו לאזען זיין סחורה, צי דורך א נייע מאשינע, צי דורך דער פערגרעסערונג פון זיין פאבריק, און דאן וועט ער נישט קענען נאך האלטען יענעם, ער וועט באנקראטירען און אריין אין דער מאסע פראלעטאריער.

אט די נייע מאשינעס, וואס ווערען יעדען טאג ערפונדען, איז די סבה, וואס יעדער פון אונז איז אזוי פערטון אין זיינע עסקים, די שרעקליכע קאנקורענציע לאזט ניט רוהען. יעדען ווילט זיך אלץ האבען מעהר ממשלה אויף דעם וועלט־מארק, יעדער שטרעבט צו האבען מעהר געלד, ווייל געלד איז די בעסטע געצייג, מיט וועלכע מען קאן מנצח זיין די מלחמה, וועלכע עס קומט פאר צווישען פערשידענע מיטגלידער איי דער געזעלשאפט. אהן דעם געצייג איז יענער שוואך און מוז אונטערגעהן אין דער שרעקליכער מלחמה...

א. ש. זאקס.

## ליטעראטור און קונסט

ירושלים. מאסף ספרותי לחקירת ארה״ק מאת אברהם משה לונץ. כרך ששי חוברת ב' ירושלים.

(„ירושלים" א ליטעראריש זאמעל־בוך פאר אויספארשונג פון דעם היילינען לאנד פון א. מ. לונץ. 6 באנד 2 העפט געדרוקט אין ירושלים).

— דער „השלח" איז פון נייעם יאהר איבערגעגאנגען צו א'ין אנדערען רעדאקטאר ד״ר יוסף קלויזנער. דער נייער רעדאקטאר פער־שפרעכט אין זיין לייטארטיקעל צו בלייבען טריי די פראגראמע פון פון אלטען „השלח" און פון דעסטוועגען אין א'ין צייט מאכען רעפאר־מען אין דעם זשורנאל". צו די אלטע פראגראמע געהערט געוויס דער „מכתב אל העורך" פון אחד העם, וואו ער בעקלאגט זיך, אז דער „השלח" איז וואס א יאהר געגאנגען ערגער. נישט די שרייבער נישט די לעזער האבען איהם געהאלפען, אז ער געפינט נישט אין די „צעירים", די יונגע שרייבער, קיין אמת'ע אריגענעלע כחות, בשעת אנדערע געפינען עס יא. „אפשר — זאגט אחד העם — זענען זיי גערעכט — זיי זענען די „רבים" און איך דער „יחיד", זיי די „צעירים" און איך דער „זקן". אפשר האב איך שוין מיין גייסטיגע וועלט אבגעלעבט און בין שוין נישט ראוי צו זיין קיין פרנס הדור. צום סוף בריף ווינשט אחד העם דעם נייעם רעדאקטאר גליק אין זיין אונטערנעמען און דאס ווינשען איהם אלע, וואס ווילען, אז אונזער העבראישע ליטעראטור זאל זיך פערבעסערען און פערגרעסערען.

## דער פראצעס וועגען דער צייטונג „הצופה".

אין פאריגען נומער „פאלקס־צייטונג" האבען מיר געבראכט בקיצור די ידיעה וועגען דעם משפט פון דער העבראישער צייטונג „הצופה", איצט געבען מיר דעם אייגענעם פראצעס אויספיהרליך.

דער פריסיאזשנע פאווערענע ם. קוראטאוו, דער אדוואקאט

פון זלמן הורוויץ און ליב שאלקאוויטש האט דעם 15־טען נאיאבער 1902 אייגנעגעבען א ביטע אין ווארשעווער האנדעלס־געריכט וועגען דעם משפט מיט לייזאר פרידמאן. פון דער ביטע געבען מיר דא איבער די הויפט פונקטען:

פרידמאן האט אייגנעגעבען א ביטע אין דעם מיניסטעריום דעם אינערען, איהם צו ערלויבען ארויסגעבען א טאג־בלאט אין העברעאישען מיט דעם נאמען „הצופה", און דעם 1־טען אויגוסט 1902 האט ער געשלאסען א צאסטנעם קאנטראקט מיט הורוויץ און שאלקאוויטש, וועגען דער אויסגאבע פון דער צייטונג בשותפות, לויט די פונקטען, וועלכע זענען געוועזען אין דעם קאנטראקט באריכות אויסגערעכענט. לויט דעם § 16 פון דעם קאנטראקט האבען ביידע צדדים אבגעמאכט, אז גלייך ווי עס וועט אנקומען די ערלויבניש אויף פרידמאנס נאמען דארף געמאכט ווערען צווישען די שותפים א פארמאלנער קאנטראקט ביים נאטאריוס, לויט די פונקטען, וואס זענען אויסגערעכענט אין דעם פארלייפיגען קאנטראקט. — אבער פרידמאן, ערהאלטענדיג די ערלויבניש, האט אפילו ניט געפונען פאר נייטיג מודיע צו זיין וועגען דעם הורוויצען און שאלקאוויטשען, וועלכע האבען צופעליג וועגען דעם זיך דערוואוסט פון דער פובליקאציע אין דער „פראוויטעלסטווענ־ני וויעסטניק" Nr 230. דענסטמאל האבען די קלעגער דעם 30־טען אקטאבער אייגעלאדען פרידמאנען דורך איין התראה פון דעם נאטאריוס שומאנסקי, ער זאל קומען אין קאנטאר פון נאטאריוס אויף דעם צווייטען טאג, צו מאכען דעם פארמאלנעם קאנטראקט און צו ערפילען אלעס, וואס שטעהט אין דעם קאנטראקט פון דעם 1־טען אויגוסט 1902. פרידמאן האט אויף דער התראה גאר נישט געענט־פערט. דאן האט דער נאטאריוס געשיקט א צווייטע התראה דעם 11־טען נאיאבער 1902, אין וועלכער די קלעגער האבען ווידער איינגע־לאדען פרידמאנען צו ערפילען, וואס עס שטעהט געשריבען אין דעם קאנטראקט און שליסען דעם פארמאלנעם קאנטראקט פון דער שותפות אויף ארויסצוגעבען די גאזעטע, מיט איין התראה, אז באם ער וועט דאס ניט ערפילען, וועלען הורוויץ און שאלקאוויטש רעכענען, אז דער קאנטראקט פון דעם 1־טען אויגוסט 1902 איז געבראכען דורך די שולד פון פרידמאן און וועלען פערלאנגען דעם שטראף אויף דער סומא פון 5000 רובל, א חוץ די 2500 רובל, וואס הורוויץ האט געגע־בען לויט דעם 2־טען פונקט פון קאנטראקט. פרידמאן, אנשטאט מקיים צו זיין די פונקטען פון קאנטראקט און צו פערווירקליכען די גרינדונג פון דער שותפות, צו פיהרען די גאזעטע, האט געענטפערט דעם נאטאריוס מיט פוסטע תירוצים און האט דעם פערלאנג פון די קלעגער ניט ערפילט. דעריבער זענען הורוויץ און שאלקאוויטש גענייטיגט איינצוגעבען די אנקלאגע וועגען אנערקענונג, אז דער קאנטראקט איז געבראכען דורך די שולד פון פרידמאנען און בעטען צו בעשליסען, אז פרידמאן האט צו בעצאהלען 5000 רובל אלס שטראף, ווי עס איז דייטליך אויסגערעדט אין קאנטראקט, און אויך אומצו־קעהרען הורוויצען די סומא 2500 רובל, וואס ער האט געגעבען.

געשטיצט אויף אלעס, וואס איז דא אנגעגעבען, בעט דער אדוואקאט, מען זאל אנערקענען, אז דער קאנטראקט פון דעם 1־טען אויגוסט 1902, וואס איז געשלאסען געווארען צווישען הורוויצען און שאלקאוויטשען און פרידמאנען, איז געבראכען געווארען דורך פריד־מאנס שולד. אויסער דעם האט דער אדוואקאט פערלאנגט פון פריד־מאנען אלע פראצעס־קאסטען און 6 פראצענט פאר דער גאנצער סומא 7500 רובל פון 15־טען נאיאבער אן.

(פארטזעצונג קומט).

---

# הינטער די קוליסען.

## פון דעם פראצעס וועגען דער גאזעטע „הצופה".

אויסער דעם אפיציעלען טייל פון דעם פראצעס איז נאך דא איין אונאפיציעלער טייל, אלעס וואס איז פארגעקומען. ווי מען זאגט: „הינטער די קוליסען", וואס ווארפען א בעזונדערען שיין אויף דעם הויפט־העלד פון דער גאנצער זאך, דעם „רעדאקטאר" און הערויס־געבער פון „הצופה" ה' ל. פרידמאן, און די געבען־סיגורען, וואס האבען א גרעסערען אדער קלענערען אנטייל גענומען אין דעם ענין. מיר רעכענען, אז די אלע פרטים וועלען די לעזער פון דער יודישער „פאלקס־צייטונג" ניט ווייניגער אינטערעסירען ווי די אפיציעלע פרטים.

א) ווען ה' פרידמאן האט איינגעגעבען זיין ביטע אויף צו בע־קומען איין ערלויבניש ארויסצוגעבען א העברעאישע טעגליכע צייטונג אין ווארשא מיט דעם נאמען „הצופה", האט ער זיך געווענדעט צו פער־שידענע מענשען, מען זאל געבען דאס נייטיגע געלד, וואס מען בעדארף האבען אויף די ערשטע הוצאות פון דער השתדלות, אויך צו די זעלבע „פיינע מענשען", די „בעלי לשם־שמים'ניקעס", וואס זענען יעצט — ווען דורך די הילף פון פרעמד געלד איז דא א נייע צייטונג — מיט לוסט צו דער זאך צוגעשטאנען און אין דעם אנטייל גענומען. דאמאלס אבער האט קיינער א קאפיקע ניט געוואלט געבען.

ב) דער ה' פרידמאן זעלבסט איז אזוי ארים געוועזען, אז די שותפים, וואס זענען יא צוגעשטאנען צו דער זאך און גלייך געלד געגעבען דארויף (2500 רובל), האבען געמוזט אויסלייגען פון צייט צו צייט רובלס און קאפיקעס, אום די נייטיגע טעלעגראמע צו שיקען.

ג) ה' פרידמאן האט זיך דענסטמאל געשעצט פאר גליקליך, וואס עס האבען זיך געפונען אזוינע וואס האבען אזא ארימאן געלד געגעבען און האט גלייך איינגעשטימט אויף די פונקטען פון קאנטראקט. ה' פרידמאן זעלבסט האט דעם קאנטראקט אויפגעשריבען. פון אבנארעריי און שלעכטע פונקטען קאן אלזא גאר קיין רעדע נישט זיין.

ד) לויט די פונקטען פון קאנטראקט האט ה' הורוויץ זיך פערפליכטעט אריינצוגעבען אין געשעפט ביז 15000 רובל, דערפון זענען 5000 רובל געגעבען געווארען אין גאנצען אהן פראצענט, און 10000 רובל מיט 6% יעהרליך — באנקאווע צינזען — אזוי לאנג ווי דאס געשעפט וועט קיין פערדיענסט געבען. ווי דאס געשעפט וועט אנהויבען צו ברענגען פערדיענסט דארף דאס קאפיטאל פון ה' הורוויץ ליגען אין געשעפט, אהן צינזען אין גאנצען. — די ערשטע 2 יאהר פון דער אויסגאבע פון דער צייטונג, פאלס די גאזעטע וועט נאך קיין פערדיענסט ניט געבען, דארף ה' הורוויץ פון געשעפט גאר

ניט ארויסנעמען, ה׳ פרידמאן אבער (גלייך ווי ה׳ שאלקאוויטש) דארף ארויסנעמען 100 רובל מאנאטליך. — ה׳ הורוויץ ענס קאפיטאל דארף מיט דער צייט ארויסגענומען ווערען פון געשעפט, דורך אבציגע פון 20% פון ריינעם פערדיענסט. ביי די פונקטען קאן אלזא קיין רעדע נישט זיין, אז ה׳ פרידמאן האט זיך גענארט אין די פונקטען פון קאנטראקט, אונ אז ה׳ הורוויץ האט דערביי א פראצענט־געשעפט געמאכט, ווי עס האט בעהויפטעט ה׳ פרידמאנ׳ס אדוואקאט, ה׳ קליינערמאן.

ה) ה׳ פרידמאן בעקומענדיג די ערלויבניש איז גאר ניט געקומען צו די שותפים זאגאר פערלאנגען אנדערע בעדינגונגען. ער האט גלייך אנגעהויבען אונטערהאנדלען מיט אנדערע, בסוד פון די, ביי וועמען ער האט געלד צוגענומען, אונ האט נאכדעם געשלאסען דאס געשעפט מיט אנדערע, אונ האט זיך ביז היינט גאר ניט געוויזען פאר די שותפים, אקוראט ווי עס וואלט גאר קיין אבמאכונג אונ קיין קאנטראקט ניט עקסיסטירט אונ אקוראט ווי עס וואלט גאר קיין געלד ניט געגעבען געווארען אויף די הוצאות צו בעקומען די ערלויבניש.

ו) בשעת ה׳ הורוויץ האט זיין געלד (די 2500 רובל) דער באנק אבגעגעבען אונ צוריק האט מען שוין ניט געקאנט עס אבנעמען, דער קאנטראקט איז נאך ניט געוועזען אויף ריין אנגעשריבען אונ אונטער־געשריבען, האט ה׳ פרידמאן פערלאנגט, מען זאל איהם בארגען 100 רובל אונ האט ניט געוואלט אונטערשרייבען אהן דעם קאנטראקט. נאטירליך איז אזא שענע אויפפיהרונג די שותפים ניט געפעלען גע־וועזען. נאכדעם האט ער זיך ארום געזעהען, אז ער האט זיך ניט שען בענאנגען אונ האט אונטערגעשריבען דעם קאנטראקט, אונ ה׳ הורוויץ האט איהם נאכהער די 100 רובל געבארגט אויף א וועכסעל — אהן צינזען נאטירליך, — אונ די 100 רובל האט ער אויך נאך ביז היינט ניט אבגעגעבען, אפילו ווען דער וועכסעל איז שוין לאנג פעליג גע־וועזען אונ ה׳ הורוויץ האט דעם וועכסעל אין סוד ניט איינגעגעבען.

ז) ווען ה׳ פרידמאן האט די ערלויבניש בעקומען, האט ער זיך געווענדט צו פערשידענע מענשען, פון דער קויפמענישער בראנשע, שליסען מיט איהם דאס געשעפט פון דער צייטונג אונ קיינער האט ניט געוואלט צושטעהן דערצו, ווייל זיי האבען ערפאהרען פון דער אב־מאכונג פרידמאנס מיט ה׳ הורוויצ׳ן אונ שאלקאוויטשען פון פריהער. א לייטישער קויפמאן פערשטעהט דאך, אז עס איז ניט רעכט אבצוקוי־פען א זאך וואס געהער אנדערע. אבער דאגעגען האבען זיך געפונען אנדערע מענשען פון די „לשם שמים"ניקעס, פון די „עוסקים בצרכי הכלל" פון די רעדעל־פיהרער פון חברות, וואס זענען מיט שמחה צו געשטא־נען צו דער זאך, אונ דאס געשעפט געמאכט מיט ה׳ פרידמאנען. — ה׳ שאלקאוויטש האט צוויי פון די הויפט אנטייל־נעמער בריפליך מיט געטיילט, פון דעם קאנטראקט מיט ה פרידמאנען פון פריהער, אונ מתרה געוועזען, אזא עולה ניט טון, אויסער דעם וואס די זאך איז אלעמען בעוואוסט געוועזען — אונ פון דעסטוועגען האבען די שענע יודען אפילו ניט געזארט דאפיר, מען זאל פאר אלעס זיך אויס־גלייכען מיט די פריהערדיגע איינגענטימער פון דער זאך, זיי אבצאהלען צום ווייניגסטען דאס געלד, וואס זיי האבען אין דעם געשעפט ארייין געגעבען. די דאזיגע שענע יודען האבען גאר דעם מוט ניט געהאט אפען עס צו טון, אונ זיך בעהאלטען אונטער די פלייצעס פון אנדע־רע — ווענען די „פלייצעס" אליין וועלען מיר רעדען איין אנדערס מאל — אונ די זאך האט זיך ניט געענדערט ביז היינטיגען טאג, חאטש די צייטונג ערשיינט שוין מעהר אלס א מאנאט.

ח) די אנקלאגע אין סוד איז איינגעגעבען געווארען דעם 15־טען נאיאבער אונ דער פראצעס האט געזאלט זיין פריהער, אבער פון יענעם צד, פון די נייע אנטייל־נעמער, האט מען געשיקט זאגען, אז מען וויל זיך אויסגלייכען. האבען די קלעגער זיי געגלויבט, אז זיי מיינען עס ערענסט אונ האבען געבעטען דעם סוד אבצולעגען דעם פראצעס; אבער יענע האבען נאר געשפייזט מיט הבטחות, מיט „לך ישוב" פיעלע וואכען נאכאנאנד. ווי עס האט זיך נאכדעם ארויס גע־וויזען איז עס נאר „אחיטראסט" געוועזען, אום דער פראצעס זאל ניט שאדען צו בעקומען די „פאדפיסקע" אונ אריבער שלעפען דעם פרא־צעס איבער דער צייט פון ניי יאהר, כדי דער פראצעס זאל ניט ווירקען אויף די אבאנענטען.

די זאך האט געמוזט ווידער אין סוד געהן.

ט) די שענע מענשען שעמענדיג זיך. ווי זאגט מען „פאר דער וועלט", פאר זייער שענע אויפפיהרונגען, האבען ארויסגעלאזט א קלאנג אז ה׳ הורוויץ אונ ה׳ שאלקאוויטש האבען זיך אבגעזאגט פון ווייטע־רע הוצאות צו געבען צו דער השתדלות; ווי מיר ווייסען, איז עס אין גאנצען אויסגעטראכט אונ האט קיין פונדאמענט. די שותפים האבען זיך ניט פערפליכטעט קיינע אנדערע געלדער צו געבען, אויסער די וואס זענען בעשטימט אין קאנטראקט. דאס האבען זיי געגעבען. קיינע אנדערע געלדער האבען זיי נישט געדארפט געבען, ביז עס איז ניט ערהאלטען געווארען די ערלויבני,ש אונ עס איז גלייט ניט געוועזען אויף וואס צו געבען.

י) צום סוף קענען מיר ברענגען א קוריאז, וואס עס איז פארגע־קומען אויף דעם פראצעס. ה׳ פרידמאנס אדוואקאט ה׳ קליינערמאן האט געזאגט פאר דעם געריכט, אז ה׳ שאלקאוויטש האט קיינע שייכות צו ליטעראטור אונ צו אויפגאבען בכלל אונ איז אין גאנצען אונבעקאנט אין דער ליטערארישער וועלט, — וועהרענד ה׳ פרידמאן איז א בעריהמטער גרויסער ליטעראט (ביי די ווערטער האט דאס פוב־ליקום, וואס איז געוועזען אין זאל פון סוד, שטארק געלאכט). ווי עס ווייזט אויס איז ה׳ קליינערמאן א קנאפער ידען אין דער העברע־אישער ליטעראטור.

המודיע.

---

## אלערליי.

(דאס עלטסטע ביבעל־מאנוסקריפט). נישט לאנג האט מען אין סיריע געפונען א גאנץ אלטע געשריבענע ביבעל. דא געפינען זיך נישט מעהר ווי די 5 חומשים. עס איז געשריבען מיט דעם כתב השומרונים אויף פארמעט פון א הירש אונ האט די דאטע פון 735 לויט דער אלגעמיינער וועלט־רעכנונג. אין דעם דאזיגען חומש געפינען זיך איינינע שנויים אונ אויך גאנצע 15 שורות, וואס עס געפינען זיך אין גאנצען נישט אין אונזערע חומשים וואס מיר האבען היינט.

(אלטע זאכען). נישט ווייט פון לייפציג האט מען געפונען אין א שטיק פלאץ, וואס מען האט אויפגעגראבען, זעהר פיעל היילען, אין וועלכע עס זענען געוועזען א סך זאכען פון לעהם אונ בראנז, וועלכע זענען געמאכט געווארען 800 יאהר פאר דער געוועהנליכער צייטרעכנונג.

בעזונדערס מערקווירדיג איז א בראזיליאנער שבילקע, וואס האלט 17 צענטימעטער די לענג. אויך האט מען צווישען די איש געפונען מענשליכע צייהנער, וואס ווייזען אז די דאמאלדיגע מענשען זענען זעהר גרויס אונ זעהר שטארק געוועזען.




## I. אלגעמיינע נייעס.

— דער אינזשיניער אדאמטשעווסקי אין ווארשא האט געעפענט א שולע פאר פרויען, וואס ווילען זיך לערנען מאלען אונ צייכנען.

— פריילין יאהאנע דע יאנג אויס האלאנד האט אין בערלינער אוניווערזיטעט געהאלטען עקזאמען אונ האט בעקומען דעם טיטול דיר דער פילאזאפיע.

— עדוארד לענקא, וועלכער איז די צייטען געשטארבען אין ווארשא האט געשאנקען די רוסישע רעגירונג א גרויס שטיק פלאץ אויפצובויען איין אקאדעמיע פאר פרויען.

— אין קארלס-רוהע (דייטשלאנד) וועט די צייטען זיין איין אויסשטעלונג פון אויסגעבעסערטע פרויען-קליידער וועלכע זענען נישט שעדליך צום געזונד.

## II. יודישע נייעס.

— אין וואבאלניק (קאוונער גוב.) איז געגרינדעט געווארען א חברה „בנות ציון" דורך די השתדלות פון פריילין מרים קרעמער.

— דער יודישער פרויען-פעראיין אין מיטאווא האט היינטיגען חודש געמאכט א קאנצערט אין דעם זאל פון דעם דארטיגען „געווערבע פעראיין" אונ עם האט איינגעטראגען א געהעריגע סומע געלד פאר דעם דאזיגען פעראיין.

— אין ווארשא האט מען בדעה צו גרינדען א חברה צו שיצען פרויען אונ מיידלעך פון פערפיהרעניש.

— פרוי נאהידא רות לאצארוס האט אין בערלינער טאגעבלאט אבגעדרוקט איין ארטיקעל וועגען דער זאבסישער קראנפרינצעסין, אין וועלכען זי מוסר'ט איהר שטארק אונ זאגט, אז קיינע פרוי וועט איהר נישט נאכטון.

---

# ליבען אונ לעבען.

(ענדע)

די אורזאכע איז קלאר: ווייל דעמאלס איז זי ניט פעהיג צו פראדוצירען א נייעם דור, זי קאן ניט האבען קיין קינדער, וואס דאס איז דער צוועק פון דער ליבע.

די צווייטע בעדינגונג איז די געזונדהייט; ווען א פרוי איז קראנק אויף א שארפער קראנקהייט, האט זי דעמאלט ניט דעם רייץ. דא איז אויך די זעלבע אורזאכע, ווייל זי קאן דעמאלט ניט פראדוצירען קיין קינדער. בייא כראנישער קראנקהייט פערלירט זי אין גאנצען דעם חן, ווייל די קראנקהייט קאן איבערגעהן אויף די קינדער וואס זי וועט האבען.

די דריטע בעדינגונג וועט זיין די געביידע פון איהר קערפער: א סך ווייניגער ווי א פרוי אויף דער עלטער קאן אנציהען א פרוי מיט א הארב (א הויקער), ווען אפילו דאס געזיכט איז גאר שען בייא א פערקרומטען קערפער וועט ליבער א מאנספערזאן נעמען איין אנדערע פרוי מיט א גלייכען קערפער אפילו מיט א מאוס פנים.

צו די סמנים פון א שען געבויטען קערפער געהערען קליינע פים. די אורזאכע דערפון איז, ווייל קליינע פים זענען א כאראקטעריסטישער צייכען פון דעם מענשען געגען אנדערע בעשעפענישען, וואס די פים-ביינער זענען אימער לענגער ווי בייא מענשען.

א מיטעלמעסיג פולער פליישיגער קערפער בייא א פרוי דיענט אויך אלס מאטיוו צו ליבע, ווייל דאס איז א פערזיכערונג צו דער ערנעהרונג פון דעם קינד אין דער מוטערס בויך. זעהר א דארע פרוי געפעלט ניט קיין מאנספערזאן. דערגעגען פולע הויכע ברוסטען *) זענען זעהר אנציהענד, רייצענד, ווייל דאס צייגט די פראדוקציאנס-פעהיגקייט אונ פערזיכערט די ערנעהרונג פונ'ם קינפטיגען קינד נאכדעם ווי עס וועט געבוירען ווערען. אים געגענטייל א צו דיקער קערפער בייא א פרוי איז אבשטויסענד, ווייל דאס איז א צייכען, אז זי וועט קיין קינדער ניט האבען (אויף דאקטארישׁ לשון רופט מען דאס „אטראפיע דעם מוטערלייבס").

דער לעצטער מאטיוו פון דעם סארט איז דאס שענע פנים. דא זענען אם וויכטיגסטען די הארטע טיילען פונ'ם געזיכט. צום ביישפיעל א זעהר שטארקע אויסגעבויגענע נאז ארויף אדער אראב מאכט אומגליקליך דאס פריילין בייא דער זעהונג; זי געפעלט ניט דעם חתן. די אורזאכע איז, ווייל דאס איז א כאראקטעריסטישער צייכען פונ'ם מענשליכען טיפ. א קליין מויל אונ ניט גרויסע קינבאקען, וואס זענען אויך א כאראקטעריסטישער צייכען פון דעם מענשליכען טיפ, ווי אויך א ניט זעהר פלאכער פאדבראדאק, זענען אנציהענד. סנדליך די אויגען האבען א גרויסע בעדייטונג, ווייל זיי זענען ווי א שפיגעל פאר דעם גייסט-כאראקטער אונ דער אינטעליגענץ: מען דערקענט אין די אויגען פיעל איינענשאפטען פון דער פערזאן, אויב זי איז א גוטע אדער א בייזע, קלוג אדער א נאר א. ד. ג.

דאס זענען די מאטיווען פאר דעם מאנספערזאן, ווען ער קלויבט זיך א פרוי. וואס אנבעלאנגען צו די מאטיווען פון א פרויענצימער ווען זי וועהלט זיך א מאן קענען מיר נאר אנצייגען דארויף, אז דער פרוי געפעלט אם בעסטען א מאן פון א יאהר 30—33, בעסער ווי א יונגער בחור, וואס איז פיעל שענער. די אורזאכע דערפון איז, ווייל דא שפילט די ראלע ניט דער גוסט, דער געשמאס, נאר דער אינסטינקט, וואס זעהט אין דעם רייפען מאנספערזאן א העכערע שטופע פון פראדוקציאנס-פעהיגקייט. אים אלגעמיין קוקט א פרויענצימער איבערהויפט אויף דער קרעפטיגקייט אונ דרייסטיגקייט פונ'ם מאנספערזאן מעהר ווי אויף דער שיינהייט, ווייל איהר אינסטינקט זעהט אין א שטארקען, דרייסטיגען מאנספערזאן א קרעפטיגען פערזארגער פאר די קינפטיגע קינדער. א פרויענצימער וויל בעסער א מאוס'ען אבער א שטארקען פעסט-געבויעטען מאן איידער א שענעם אבער א קראנקליכען, א שוואכען. דאס בעווייזט, אז דער עיקר פון דער ליבע איז די פערזארגונג פאר דעם קינפטיגען דור, די פארטפלאנצונג אדער דאס לעבען פונ'ם גאנצען געשלעכט.

מיכל וועבער.

*) נאטירליך ניט קיין וואט אין דעם גארסעט.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

---

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau

**Судебныйприставъ Варшавскаго коммерческаго суда 6 участка**

на основаніи 1030 ст. уст. гр. суд., (св. зак. т. XVI изд. 1892 г.) объявляетъ, что 26 февраля ст. ст. 1903 г., съ 10 час. утра, въ Варшавѣ, по ул. Твердой въ домѣ подъ № 8, въ квартирѣ, а затѣмъ 27 февраля по ст. ст. 1903 г. съ 10 час. утра, въ Варшавѣ по ул. Граничной подъ № 10, въ помѣщеніяхъ редакціи газеты **"ГАЦОФЕ"** будетъ продаваться движимое имущество, принадлежащее Лейзору Фридману, состоящее изъ разной мебели, оцѣненное для торговъ въ 349 р. 45 к.

Варшава, 3 февраля 1903 г.

И. д. судеб. прист. **Иваницкій.**